גֶעשְׁטָארְבִּין אַיין הֶעלְדִין טוֹיט , דָאס הֵייסְט אִין אַשְׁלַאכְט לֶעבִּין דֶער פֶּעסְטוּנְג לִימַאגֶעס אִין דֶעם יָאר 1199 .

נָאךְ זַיין טוֹיט הָאבִּין דִיא יוּדִין דֶער לֶעבְּט דָארְט אִין איינגלאנד אוּנְטֶער דִיא רֶעגִירוּנְג פוּן זַיין בְּרוּדֶער «יאהאן אהנע לַאנְד» וְוידֶער זֵייעֶר טְרִיבֶּע צַייטֶען .

אוּנ דֶער יאזעף אִיז גֶעוָוארִין זֵייעֶר גִיאַכְטֶעט אִין גַאנְץ שפאניען אוּנ בַּייא יוּדִ׳ן אוּנ בַּייא קְרִיסְטִין , אוּנ הָאט גוּטְס גֶעטָאן מִיט יֶעדִין מֶענְטְשִׁין גָאר אָן אוּנְטֶערְשֵׁייד , גְלִיקְלִיכֶער פַאר אַלֶעמֶען אָבֶּער הָאט עֶר גֶעמַאכְט דֶעם עֶדוּאַרְד וָואס וַואר זַיין וֶועכְטֶער , עֶר הָאט אִים אִין שפאניען אַיין גוּט גֶעקוֹיפְט אוּנ הָאט אִים אַיינֶע אָרֶענְטְלִיכֶע פְרוֹיא גִיגֶעבִּין , אוּנ הָאט אִים אַגוּטֶע שְׁטֶעלֶע פֶערְשַׁאפְט , אוּנ וַואר אִים אַזוֹ דַאנְקְבַּאר אַזוֹ לַאנְג עֶר הָאט גִילֶעבְּט , אוּנ דֶער יאזעף הָאט זִיךְ אוֹיס גִילֶעבְּט זַיינֶע יָארִין מִיט דִיא הדסה אִין עוֹשֶׁר אִין כָּבוֹד אִין גְדוּלָה אוּנ אִין נחת , אוּנ הָאט דֶער לֶעבְּט פְרֵיידֶע פוּן קִינְדֶער וָואס זֵיינֶען אוֹיךְ גִיוָוארִין דָארְט גִיעֶהְרְטֶע לַייט .

אִיצוּנְד אָבֶּער מַיינֶע טַייעֶרֶע לֶעזֶערִין הָאבִּין זִיךְ דִיא צַייטִין זֵייעֶר פִיל גִיעֶנְדֶערְט , אִין איינגלאנד וָואס אִידִין הָאבִּין דָארְטִין דִיא פָארִיגֶע צַייטִין גִיהַאט פִיל שְׁלֶעכְטְס זַיינֶען זֵייא דָארְטִין הַיינְט דִיא גְרֶעסְטֶע רַייכֶע לַייט אוּנ גְרוֹיסֶע הֶערִין , גֶעשֶׁעצְט אוּנ גִיאַכְט אַזוֹ גָאר בַּייא דֶער רֶעגִירוּנְג , גִיבּ נָאט דָאס אוּנְזֶער רֶעגִירוּנְג זָאל אַזוֹ אוֹיךְ פוּן אוּנְז צוּפְרִידִין זַיין דָאס מִיר זָאלִין וֶוערְט זַיין מקבל צוּ זַיין דִיא גוּטֶעס אוּנ דִיא פְרַייהַייט מִיט וֶועלְכֶע זִיא אַ ז אוּנְז מְזַכֶּה פוּן טָאג צוּ טָאג מֶעהְר אוּנ מֶעהְר .

LIBRARY
AUG 2 9 2000
UNIVERSITY OF TORONTO

אונ פְלֶעגְן אַזוֹ אִיבֶּער פַאלִין אִיבֶּער קְרִיסְטְלִיכֶע הַאנְדִיל שִׁיפִין , אִיבֶּער דִיא שְׁטֶעט וָואס לִיגְן בַּייא דֶעם בְּרֶעג פוּן מֶעהְר , מֶער פַאר אַלֶע הָאבִּין גֶעלִיטְען פוּן דִיזֶער בַּאנְדֶע דִיא שפאנִישֶע קִיסְטֶענְלֶענְדֶער , זַייא פְלֶעגִין אַרַיין פַאלִין אִין דִיא קְלֵיינֶע שְׁטֶעט אונ אוֹיס מָארְדִין דִיא אַיינְוואוֹנֶער אונ אוֹיס רַאבִּירִין זֵייעֶרֶע פֶערְמֶעגְנִים , בִּיז שפאנִיעָן וַואר גֶעגֵייטְגְט אַרוֹם צוּא שִׁיקִין גֶעגְין דִיזֶער בַּאנְדֶע אֵיינִיגֶע קְרִיגְס שִׁיפִין מִיט זֵייעֶר פִיל חַיִל , אונ מֶען הָאט זַייא אַלֶעמֶען גִיפַאנְגֶען , עֶס וַוארִין זֵייעֶרֶע אֵיינִיגֶע הוּנְדֶערְט , דֶעם גְרֶעסְטִין טֵייל פוּן זַייא הָאט מֶען גֶעמַאכְט פַאר גַאלֶערֶען שְׁקְלַאוֶוען (דָאס הֵייסְט מֶען הָאט זַייא אָן גֶעשְׁמִיט אָן דִיא קְרִיגְס שִׁיפִין דָאס זַייא זָאלִין דַארְטִין אַרְבֵּייטִין מִיט דִיא רוּדֶער כָּל זְמַן זַייא וֶועלִין לֶעבִּין) , דֶעם קְלֶענֶערִין טֵייל הָאט מֶען אוֹיף גִיהַאנְגֶען אִין אֵיין שְׁטוּנְדֶע בַּייא דֶעם הַאוֶוען "זַאן זַאבֶּעסְטִין" זֵייעֶר הוֹיפְּטְמַאן דֶער שאטעאוינרין אִיז גִיבְּרַאכְט גֶעוָארִין פַאר דֶעם קֵינִיג דֶען עֶר הָאט אִים גֶעוָואלְט זֶעהֶען , נוּן זַיינֶען אַרוֹיס אוֹיף דֶער גְרוֹיסֶער גַאלֶערֶע דַארְטִין אִין דֶעם קֵינִיגְס הוֹיף אַלֶע פְרִינְצֶען , פְרִינְצֶעזִינֶען , הֶערֶען אונ דַאמֶען , אוּם צוּ בֶּעטְרַאכְטִין דִיזֶען גִיפִירְכְטֶעטִין רוֹיבֶּער , נוּן וַוארִין אוּנְטֶער דִיזֶע גִימֵיינְדֶע צוּ שׁוֹיֶער (קוּקֶער) אוֹיךְ יאזעף אונ דִיא הדסה , דֶען דִיזֶער יאזעף וַואר אַיין הוֹיפְּמַאן , אונ זַייא הָאבִּין דִיזֶען סוֹחֵר בַּאלְד דֶער קָאנְט , אונ אַזוֹ עֶר זַייא אוֹיךְ , נוּן וַואר אִים וִויא הֵייסֶע פוּנְקֶען אִין דִיא אוֹיגִין אוּם צוּ זֶעהֶען דִיא אַכְטוּנְג פוּן זַייא בֵּיידִין בשעת עֶר אִיז פַאר זַייא גִישְׁטַאנֶען גֶעשְׁמִיט וִויא אַיין גֶעמֵיינֶער רוֹיבֶּער , עֶר הָאט זִיךְ פֶערְגֶעוִויס גֶעוואוּנְטְשִׁין בשעת מעשה צֶעהֶען מיתות משונות אַלְס אַזוֹ אֵיינֶע שְׁוֶוערֶע קנאה , דָאךְ דִיזֶע בֵּיידֶע אֵיידֶעלֶע לַייט , דֶער יאזעף אונ דִיא הדסה הָאבִּין בַּייא דֶעם קֵינִיג אוּם גִינַאדֶע פַאר אִים גִיבֶּעטִין , אונ דֶער קֵינִיג הָאט אִים צוּלִיב זַייא גֶעלָאזְט לֶעבִּין , עֶר הָאט אָבֶּער גֶעמוּזְט פְרִיעֶר שְׁוֶוערִין דָאס עֶר זָאל אַוֶועקְרַייזִין נָאךְ עגיפטען אונ עֶר זָאל זִיךְ מֶער שׁוֹין נִיט אוּמְקֶערִין קַיין ארופא . עֶר הָאט אָבֶּער גָאר נִיט נִיקֶענְט דֶער צִיהֶען בִּיז אַהִין , דֶען עֶר הָאט זִיךְ זֶעלְבְּסְט אוֹיף גִיפְרֶעסִין פוּן פֶערְדְרוּס אונ פוּן קִימֶער , אונ דָאס גֶעשֵׁיינְקְטֶעס לֶעבִּין וַואר אִים צוּ לַאסְט אונ אִיז גֶעשְׁטָארְבִּין אוֹיף דֶער שִׁיף אוֹיף וֶועלְכֶע עֶר הָאט גִירַייזְט נָאךְ עגיפטען , אונ דָאס מֶעהְר וַואר זַיין גְרַאבּ .

אונ דֶער קֵינִיג רִיכַארְד וָואס וַואר אִימֶער טְרַייא זַיין פַארְשְׁפְּרֶעכִין , הָאט אִין זַיינֶעם גַאנְצִין לֶעבִּין גֶעשִׁיצְט דִיא יודין אונ הָאט זַייא בֶּעהַאנְדִילְט זֵייעֶר פְרַיינְדְלִיךְ , צוּם אוּמְגְלִיק הָאט עֶר נוּר רֶעגִירְט צֶעהֶען יָאר אונ אִיז

## 21.

## דאס ענדע

באלד נאך דעם האט דער קיניג אריין געשיקט קיין יארק אגרויסע מאכט אום צו בעשטראפין דיא שולדיגע, צום אומגליק האט מען שוין דיא רעכטע שולדיגע ניט דער וויסט, דען דער שאטעאוינרין וואס האט גוט פערשטאנען דאס דער קיניג וועט זיך מיט איהם זייער גוט אפ רעכענען, ער איז אוועק אויף אשיף מיט אגרויסע באנדע קרייצפאהרער, נון האט זיך אויס געלאזין נור דאמיט דאס מען האט דארטין אפ גישאפט אלע ציגאווניקעס ביז איינעם פון קליין ביז גרויס פאר סלאבא דייסטווא, אונ אויף דיא גאנצע גובערניע האט מען ארויף געלייגט אשווערע קאנטערבוציע וואס זייא האבין זיך ניט גיקענט אויס צאלין אין פיל יאר, אויך האט מען איין גענומען אלע שולדין פון דיא אידעשע פאפירען וואס וואריין אריין געטראגין אין דער קאטעדראל ארכיווע, עס זיינען דורך דעם פאר ארעמט געווארין דיא גרעסטע קויף לייטע, דיא גרעסטע באראנען, אונ מען האט מיט דעם געלט פערגיטיגט מאנכע יורשים פון דיא יארקער יודין וואס האבין זיך גיפונען אין אנדערע שטעט, מער פאר אלעמען האט מען פערגיטיגט דיא הדסה, דען מען האט געוואוסט אויף קלאר דאס דיא ערבשאפט פון אירע עלטערין וואר זייער גרויס, אויך ווארין זייער פיל פאפירען אריין געטראגין געווארין פון איר פאטער אין דער קאטעדראל ארכיווע אויף דיא גרעסטע לייט, נור דער גרעסטער טייל פון דער קאנטערבוציע אונ פון דיא פאפירען איז געבליבען בייא דער קרוין, דען עס האבין זיך ווייניג יורשים גימעלדעט וואס האבין גיקענט גיזעצליך אויף ווייזין דאס זייא זיינען ריכטיגע יורשים, דאך אבער דער מיט אליין האט זיך דיזע בלוטיגע שולד ניט גיענדיגט, דען גאטעס האנט האט דיא באנדיטען גיגרייכט אויף זייערע רייזין אויף דיא שלאכט פעלדער, זייא זיינען דארטין אומגיקומען מיט מיתות משונות, אטייל אין פעסט, אטייל אין שווערד, אטייל אין הונגער, אין דורשט, אונ אטייל זיינען גיפאנגען געווארין אונ פאר קויפט געווארין פאר קנעכט אין ווייטע לענדער דאס ניט איינער פון זייא האט זוכה גיוועהן זיך אום צו קערין אהיים.

אונ אזו האט זיך מיט דעם שאטעאוינרין אויך ניט גוט אויס גילאזין, גאט האט זיך מיט איהם אנדערש אויס גירעכינט, ער מיט זיין באנדע וואס זיינען מיט איהם אנטלאפין געווארין אויף שיפין אונ זיינען געווארין רויבער,

אִין דֶער וֶועלְט זַיינֶען אִיצוּנְד שׁוֹין דִיא גְלִיקְלִיכְסְטֶע. עֶס וַוארִין בַּייא דִיזֶער גֶעשִׁיכְטֶע דָארְט אַלֶע הוֹיף דַאמֶען אַלֶע הוֹיף לַייטֶע, זַייא וַוארִין אַלֶע הֶעכְסְט גֶערִירְט דֶער פוּן אוּנ הָאבִּין גֶעוַויינְט פְרֵיידִין טְרֶערִין, אוּנ הָאבִּין דֶעם קֶינִיג גְלִיקְלִיךְ גִיפְּרֵייזֶען דָאס גָאט הָאט דוּרְךְ אִים אַזוֹ אֵיינֶע אֵיידֶעלֶע צְדָקָה אוֹיס גֶעפִירְט. אוּנ דִיזֶער גְלִיקְלִיכֶער צוּפַאל הָאט אַזוֹ וַוייט גֶעוִוירְקְט אוֹיף דֶעם אֵיידֶעלִין גֶעמִיטְה פוּן דֶעם קֶינִיג אוּנ פוּן דֶער קֶינִיגִין מוּטֶער, דָאס זַייא הָאבִּין דֶעם יאזעף מִיט דִיא הדסה נִיט אַוֶועק גֶעלָאזִין פוּן זִיךְ בִּיז זַייא וֶועלִין זִיךְ בַּייא זַייא אִין פַּאלַאץ פֶערְהֵייַראטְהֶען, „זָאגְסְט הֵייסְט“ הָאבִּין זַייא גִיזָאגְט „נָאךְ הַאלְבּ גֶעטָאן“.

אוּנ אִין אֵיינִיגֶע טֶעג אִיז עֶס גִישֶׁעהֶען מִיט גְרוֹיס פַּארַאד, עֶס וַוארִין גֶעלַאדִין דֶער צוּ דִיא גְרֶעסְטֶע אִידֶעשֶׁע לַייט פוּן לאנדאן, דֶער גְרוֹיסֶער רַאבִּינֶער, אוּנ בַּייא דֶעם טִישׁ הָאט זַייא דֶער קֶינִיג פֶערְשְׁפְּרָאכִין זַיין שׁוּץ אוּנ זַיינֶע פְרַיינְדְשַׁאפְט, אוּנ הָאט גֶעבֶּעטִין דֶעם יאזעף אבדואל דָאס עֶר זָאל אָן נֶעמֶען דֶעם יאסענס שְׁטֶעלֶע, דָאס הֵייסְט עֶר זָאל וֶוערִין בַּייא אִים שַׁאצְמַייסְטֶער. דֶער יאזעף אָבֶּער הָאט אִים בֶּעדַאנְקְט דֶער פַאר, „מַיין גְרוֹיסֶער קֶינִיג“ הָאט אִים דֶער יאזעף גִיעֶנְטְפֶערְט, אִיךְ קֶען אִיהְרֶע גְרוֹיסֶע גֶענַאדֶע נִיט אָן נֶעמֶען נוּר אוֹיס דִיזֶעם גְרוּנְד וַוייל אִיךְ הָאבּ עֶלְטֶערִין וָואס וַוארְטִין אוֹיף מִיר דָארְט אִין טָאלֶעדָא, זַייא זַיינֶען מִילְיָאנֶערִין אוּנ אִיךְ בִּין בַּייא זַייא נוּר אֵיינֶער, אִיךְ מוּז נָאךְ שׁפאניען צִיהֶען, אוּנ וֶוערְדֶע דָארְטִין אוֹיךְ אֵיינֶע קְרוֹין שְׁטֶעלֶע הָאבִּין.

אוּנ דִיזֶע נַייֶע גְלִיקְלִיכֶע פָּאר פָאלְק הָאבִּין זִיךְ פֶערְזַאמְט דָארְטִין אִין הוֹיף מֶערֶער אַלְס אַיין מָאנְהַייט, אוּנ דֶער נָאךְ הָאבִּין זַייא אָפּ גִירַייזְט פוּן דָארְטִין נָאךְ שׁפאניען, עֶס אִיז מִיט זַייא גֶעפָארִין דִיא אנא, אִיר זוּן אָוֶועק, אוּנ דֶער קֶינִיג הָאט זַייא פֶערְשְׁפְּרָאכִין פַאר זַייעֶר אַוֶועק פָארִין דָאס עֶר וֶועט לָאזִין מַאכִין גְרוֹיסֶע שְׁלֶעצְטְוֶועס וֶוענִין דִיא רְצִיחוֹת אוּנ וֶוענִין דִיא אוֹיס רוֹיבוּנְג אוּנ וֶועט זַייא אוּמְקֶערִין אַלֶע שָׁאדִינְס, דָאס הֵייסְט וִויפִיל עֶס הָאט אָנְגֶעטְרָאפִין דָאס פֶערְמֶעגִין פוּן אִיר פָאטֶער אוּנ פוּן דֶעם יאסען, מֶעהְר אַלְס צְוֵוייא מִילְיָאן טָאלֶער, עֶר וֶועט דָאס אַיין קַאסִירִין פוּן יָארְקֶער גוּבֶּערְנֶע, אוּנ הָאט זַייא אַרוֹיס גֶעלָאזִין פוּן זִיךְ זַייעֶר פְרַיינְדְלִיךְ אוּנ לִיבְּלִיךְ מִיט אֵיינֶער גְרוֹיסִין בֶּעוַואכוּנְג בִּיז דֶעם הַאוֶועט.

(סלקה)

אויף דיא גראטע וואס קומט ארויס צו איינעם שטראם, דארטין וועלין מיר דינגען איין שיפעל אונ וועלין באלד קומען אין איין זיכערין ארט, דוא וועסט זעהען דאס איך ווערדע נאך מיינע הדסה צוריק באקומען, אונ ווערדע נאך גרויסעהרע פון דעם קעניג איין נעמען. דען דער ריכארד איז איין גירעכטער מאן.

דיזע ווערטער זיינען אריין זייער טיף אין דיא אויערין פון דעם וועבטער אונ האבין זיך אזוי ביידע זייער שטארק גענומען צו דער ארבייט, אונ זיינען פון דארטין אנטלאפין אין דעם זעלבינגען טאג וואס דיא פעסטונג איז גענומען געווארין פון דעם שאטעאוינרין, אונ אלס זייא ווארין שוין אין זיכערהייט. האבין זייא געדונגען אדער געקויפט אפאר פערד אונ האבין געוואלט רייזין נאך לאנדאן, צום גליק האבין זייא אונטער דר וועגינס אן געטראפין דעם קעניג פארענדיג צו דער מוטער, אונ דער יאזעף האט זיך אים פאר גישטעלט, דען דער קעניג האט אים זייער גוט גיקענט נאך פון דעם שפאנישען הויף, אונ האט אים אזוי זייער פריינדליך אויף גינומען, אונ האט אים איין גילאדין דאס ער זאל אים בעגלייטין אויף זיינער קורצע רייזע צו זיין מוטער, אונ האט אים דארטין בעהאנדילט אלס גרויסין גאסט, דען ער האט געהאט וואס צו ריידין מיט אים איבער דיא דאמאלדיגע שפאנישע פאליטיק, אונ אלס דער קעניג האט אים אונטער וועגינס גיפרעגט וואס איז זיין טאן אין איינגלאנד, האט ער אים גיענטפערט דער ווילע קורץ אונ בינדיג, איך בין היר געקומען אום איין מיידכען צו הייראטהען פון יארק, אונ אלס דער קעניג איז בייא דעם נאמען פון יארק געווארין אומגיענדערט. האט ער שוין דיא גאנצע געשיכטע זיינע אפ געלייגט אויף איין אנדערס מאל צו דער ציילין פאר אים, ער האט מער ניט וויא אויס געלאזין מיט דיא ווערטער, מיינע ברויט האט געטרונקען דעם ביטערין טראפין וואס עס האבין דארטין דיא איבעריגע יודין גיטרונקען, אונ דיא געשיכטע אין גאנצין האט ער אים דער ציילט אלס דער קעניג האט אים צוזאמען גיבראכט מיט דער הדסה, אונ נון לאמיר אונז אומווענדין צוא זעהען וואס עס איז מיט אונזערע חתן אונ כלה געווארין נאך זייער צוזאמען קומען.

אונ אזוי וויא עס וואר ניט צו בעשרייבין דיא פריידין פון דעם יאזעף אונ דיא הדסה, אזוי וואר אויך ניט צוא בעשרייבין דיא פריידין פון דיא קעניגין אונ דיא פריידין פון דעם קעניג זעהענדיג וויא דיזע צווייא יונגע מענשין וואס פאר איינע האלבע שטונדע ווארין זייא דיא אומגליקליכסטע

האט זיא שוין דער זעהען מיט אירע אויגין דאס זעלבינע וואס מיט צעהען מינוטין פריער האבין עס נור אירע אויערין גיהערט, דען דער יאזעף אבודאל וויא ער לעבט אונ ליבט איז איר ביא דער זייטע גישטאנען.

נון מיינע טייערע לעזערין ווער קען דיא פריידין, דיא גידאנקען, אונ דיא ווערטער פון דיא צוויא גליקליכע אויס שרייבין, מען קען עס נור אין זיך זעלבסט פילין אבער ניט אויס דריקין מיט דער צונגע אדער מיט איינע פעדער פאר דעם צווייטין, דאהער מוזטו עס זיך פון זעלבסט פאר שטעלין, אונ מיך דיינען שרייבער בעפרייען פון צוא בעשרייבין דיזע אונאויס שרייבליכע פארשטעלונג אום צו דער ציילין דיא גישיכטע פון יאזעפס בעפרייאונג פון זיינער געפיינקעניס. דיזעס איז גישעהען זייער פראסט, דער וועכטער וואס וואר אים אנגעטרויט דיא גיפיינקעניס פון דעם יאזעף אבודאל, ער איז מיט דער צייט זייער באקאנט געווארין מיט זיין גיפאנגענעם אונ אזו שוין גיוואוסט דאס ער איז זייער רייך, אונ איז פון אגרויסע פאמיליע, אונ איז אזו געניגט אין שטאנדע צו לוינען זייער רייכליך פאר איינע גיפעלינקייט, אונ פלעגט דאהער אים זייער ארענטליך צוא זעהען. פון איינער בעפרייאונג וואר אבער קיין רייד, דען העטע ער אים לאזין דורך וועלכין מיטיל עס איז אנטלויפין דאן וואלט אים דער שאטעאוינרין אויף דער שטעלע דער שטאכין, נון אבער וויא עס האט זיך גימאכט דאס דער שאטעאוינרין וואר שוין מער ניט אין פעסטונג, אונ דער שטורעם פון דיא בעלאגערער איז גיווארין פון טאג צו טאג שטארקער אונ שטארקער דאס עס זיינען גיפאלין פיל פאלק פון ביידע זייטין, דא האט זיך שוין גילאזט דיזער וועכטער בערייידין פון דעם יאזעף אבודאל דאס זייא זאלין ביידע אנטלויפין פון דאנען "ליבער עדוארד" האט יאזעף גיזאגט צו זיין וועכטער. צו נאך פערשטייסטו ניט דאס אונזער ביידענס לעבין איז ניט ווערט אגראשין. מיר וועלין דא אומקומען ענטפער פון הונגער, אדער פון שווערד, נון וואצו זאלסטו דיין לעבין וואגין פאר אזוא איין הערין וואס איז איין מערדער, איין רויבער, איין מורד אן זיינען גוטין קיניג. ער ווירד דאך היינט מארגין גיהאנגען ווערדען אונ דוא גיוויס אויך מיט אים, דען דוא וועסט גמשפט ווערין אין דיזער זאכע וויא איין מיט שולדיגער, פאלג מיך לאמיר פון דאנען אנטלייפין איך ווערדע דיך גליקליך מאכין, איך בין גינוג רייך אונ פארנעהם, איך ווערדע דיך נאך שפאניען נעמען, פאר קליידע דיך פאר איין קרייצפאהרער, מיך ווירד מאן אזו אויך ניט דער קענען דען איך גייא דאך שפאניס אן גיטאן, נון לאמיר אונז רעטין, ברעך


אויף

«אוּנ וֶוער וַואר דַיין גֶעלִיבְּטֶער דוּא שֶׁענְכְּטֶע פוּן אַלֶע מֵיידְכֶען» הָאט איר דֶער קִינִיג גִיפְרֶעגְט, «מלכּם חתן» הָאט זִיא אִים גִיעֶנְטְפֶערְט, זִיא אַלֵיין הָאט אִים מִיר מִיט אִירֶע הֶענְט פַאר איר טוֹיט צוּ גֶעפִירְט אוּנ מִיר לִיבְּטִין אוּנְז וִויא דִיא מלכה. «אוּנ וֶוער אִיז דִיזֶער גְלִיקְלִיכֶער יוּנְגֶער מַאן דִיךְ פַאר אַיינֶע פְרוֹיא צוּ הָאבִּין אוּנ אַזוֹ עֶרִינְסְט בַּאוֵיינְט צוּ וֶוערִין פוּן דִיר» הָאט עֶר איר וַייטֶער גִיפְרֶעגְט, «דִיזֶער» הָאט זִיךְ דִיא הדסה אָפּ גֶערוּפִין, הֵייסְט אבודאל פוּן טָאלֶעדָא.

«אָ הִימֶעל» הָאט דֶער קִינִיג אוֹיס גֶעשְׁרִיעֶן, אִיז עֶס מֶעגְלִיךְ? אוּנ פוּן וַואנֶען וֵוייסְטוּ דָאס עֶר אִיז וִוירְקְלִיךְ טוֹיט, אִיךְ הָאבּ עֶס גִיהֶערְט פוּן דִיא יוּדִין וָואס זַיינֶען גִיקוּמֶען פוּן לאנדאן, דֶען דֶער זֶעלְבִּיגֶער שאטעאוינרין וָואס הָאט מִיךְ גִיפַאנְגֶען הָאט אִים אוֹיךְ גִיפַאנְגֶען, אוּנ הָאט אִים אַיין גִישְׁפַּארְט אִין דֶער פֶעסְטוּנְג פוּן יארק, נוּן הָאט עֶר דָארְט פַאר גֶעווִיס גֶעלִיטִין דֶעם טוֹיט מִיט דִיא אִיבֶּערִיגֶע דָארְטִיגֶע יוּדִין צוּ זַאמֶען, «אָ וָואס רֶעטְסְט דוּא מֵיידְכֶען» הָאט עֶר זִיךְ אָפּ גֶערוּפִין, «גִיפַאנְגֶען אוּנ שאטעאוינרין» וָואס הֶערֶע אִיךְ דָא, אוֹיף דִיזֶע עֶרְווִינְצְטֶע פְרַאגֶע הָאט אִים שׁוֹין דִיא הדסה דֶער צֵיילְט דִיא גַאנְצֶע גֶעשִׁיכְטֶע פוּן איר גִיפַאנְגְשַׁאפְט אוּנ וִויא אַזוֹ זִיא קוּמְט אַהֶער אִין דֶעם פַּאלַאץ פוּן דֶער קִינִיגִין, אוּנ דָאס הָאט דֶעם קִינִיג אַזוֹ וַוייט אוֹיף גִיבְּרַאכְט דָאס עֶר הָאט גֶעשְׁוָוארִין זִיךְ נוֹקֵם צוּ זַיין אָן דֶעם שאטעאוינרין מִיט דִיא גְרֶעסְטֶע נְקָמוֹת פוּן דֶער וֶועלְט, «אָ אִיךְ וֶוערְדֶע פַאר דִיזֶען בְּלוּט הוּנְט» הָאט עֶר גִיזָאגְט אוֹיס טְרַאכְטִין אַנֵייעֶם טוֹיט, אַיין טוֹיט וָואס דֶער לֶעצְטֶער דוֹר זָאל פוּן אִים מִיט שׁוֹידֶערִין אוּנ שְׁרֶעקִין שְׁפְּרֶעכִין, אוּנ אִיז בַּייא דֶעם גִישְׁפְּרֶעךְ אוּם גִילָאפִין אִיבֶּער דֶעם זַאל וִויא אַיין צוּ קָאכְטֶער שְׁלָאנְגֶענְדִיג מִיט דֶעם זֶעבֶּעל אָן דֶער עֶרְד.

אוּנ עֶס וַואר אַלְס זַיין צָארִין הָאט זִיךְ עֶטְוָואס אָפּ גֶעקִילְט, הָאט עֶר זִיךְ וִוידֶער גִיוֶוענְדֶעט צוּ דֶער הדסה אוּנ הָאט צוּ איר גִיזָאגְט, בֶּערוּהִיגֶע דִיךְ מֵיידְכֶען, דֶען דַיינֶע טְרוֹיעֶרִיגֶע נַאכְרִיכְט אִיז נִיט רִיכְטִיג, דַיין יאזעף לֶעבְּט נָאךְ אוּנ אִין אַיינֶער פֶערְטִיל שְׁטוּנְדֶע הָאסְטוּ אִים צוּרִיק אִין דַיינֶע אָרֶעמְס, אוּנ דוּא וִוירְסְט וִוידֶער אוֹיף בְּלִיהֶען אוּנ בְּלַייבִּין אִימֶער פְרִישׁ אוּנ גְרִין וִויא אַיינֶע וִוירְקְלִיכֶע מירטהע.

דִיזֶע וֶוערְטֶער הָאבִּין גֶעווִירְקְט אוֹיף הדסעס גֶעמִיט וִויא דִיא וֶוערְטֶער פוּן דִיא שְׁבָטִים «עוד יוסף חי» אוֹיף דֶעם גֶעמִיט פוּן יעקב אבינו, זִיא אִיז גֶעוָוארִין וִויא צוּ טוּמֶעלְט אוּנ וַואר גַאנְצֶע צֶעהֶען מִינוּטִין גָאר אִין אַיין זִינֶען, אוּנ דֶער נָאךְ אַלְס דֶער פְרֵיילִיכֶער שְׁרֶעק אִיז איר שׁוֹין אִיבֶּער גִיגַאנְגֶען

פַאר אַיין פְּרָאסְטִין רִיטֶער אוּנ וַוייטֶער נִיט, אוּנ הָאט אַייךְ דֶער קָאנְט פַאר דֶעם קִינִיג נוּר בְּשַׁעַת דִיא קְרָאנַאצִיֶע, «אוּנ וָואס וַואר דַאן» הָאט עֶר אִיר וַוייטֶער גִיפְרֶעגְט «דַאן» הָאט הדסה גִיעֶנְטְפֶערְט. דַאן אִיז זִיא אִין אוּנְמַאכְט גֶעבְּלִיבִּין, אוּנ דֶער נָאךְ אַלְס זִיא אִיז שׁוֹין צוּ זִיךְ גִיקוּמֶען הָאט זִיא זִיךְ מִיט דֶער גְרֶעסְטִין רוּהִיגְקַייט אָפּ גֶעזָאגְט פוּן אִירֶע גָאלְדֶענֶע הָאפֶענוּנְג צוּא הֵיירַאטְהֶען אַייךְ. דָאךְ אָבֶער נִיט פוּן אַייֶער לִיבֶּע, אוּנ הָאט צוּלִיבּ דֶעם אוֹיס גֶעבְּרַאקִירְט אִיר חָתָן וֶועלְכִין דִיא עֶלְטֶערִין הָאבִּין אִים פַאר אִיר אוֹיס גֶעקְלִיבֶּען, עֶר וַואר אַזוֹ גָאר דֶער שֶׁענְסְטֶער. דֶער רַייכְסְטֶער אוּנ דֶער גֶעבִּילְדֶעסְטֶער יוּנְגֶער מַאן פוּן דֶער אֵיינגעלשין אִידֶעשִׁין וֶועלְט. אוּנ הָאט אַזוֹ נוּר פַאר אַייךְ אַלֵיין גִילֶעבְּט אוּנ פַאר אַייךְ גֶעשְׁטָארְבִּין, אוּנ אַייֶער וִוירְדִיגֶער נָאמֶען וַואר אַיין גֶעשְׁלָאסִין אִין אִיר לֶעצְטֶעס גִיבֶּעט.

«וֶוייא לִיבֶּע מוּטֶער» הָאט זִיךְ רִיכַארְד אָפּ גֶערוּפִין, נוּן וֵוייסְטוּ שׁוֹין וָואס פַאר אַמֵיידְכֶען עֶס וַואר מַיין גֶעלִיבְּטֶע, זִיא וַואר פִיל מֶער אַלְס אַיין מֶענְטְשׁ, זִיא וַואר נוּר אַיין אֵיינְגֶעל, אוּנ אִיךְ זִינְדֶער וַואר דִיא אוּרְזַאךְ פוּן אִיר אוּמְגְלִיק, פוּן אִיר טוֹיט, אָ דֶער גֶעמֵיינְסְטֶער טוּט וָואס גוּטֶעס פַאר זַיינֶע גֶעלִיבְּטֶע, אִיז זִיךְ נוֹקֵם אָן אִירֶע בֶּעלֵיידִיגֶער, אוּנ אִיךְ דֶער מֶעכְטִיגְסְטֶער פוּן אֵיינגלאנד הָאבּ אִיר נָאךְ גְרַאדֶע פַאר קֶערְט גֶעטְאן, מַיינֶע גֶעלִיבְּטֶע הָאבּ אִיךְ בַּאטְרָאגִין, אִיר גְלִיק צוּ טְרָאטִין, אוּנ אִיהֶרֶע בֶּעלֵיידִיגֶער גֶעשׁוֹינְט. אוּנ דָאס וֶוערְדֶע אִיךְ מִיךְ נִימַאלְס פֶערְצַייהֶען, עֶס בְּלַייבְּט אַיין אֵייבִּיגֶער שַׁאנְד פְלֶעק אוֹיף מַיינֶער זֶעלֶע וָואס זֶעלְבְּסְט דֶער טוֹיט מִיט זַיינֶעם בִּיטֶערִין טְרָאפִּין, אוּנ דִיא הֶעלֶע מִיט אַלֶע אִירֶע פְלַאמֶען וֶוערְדִין עֶס נִיט קֶענֶען פוּן אִיר אוֹיס וַואשִׁין, נוּן זָאג זֶעה מִיר מֵיידְכֶען (אוּם וֶוענְדֶענְד זִיךְ צוּ הדסה), אִיז נָאךְ וָואס גֶעבְּלִיבִּין וֶוער פוּן אִיר פַאמִילְיֶע מִיט וֶועלְכֶע אִיךְ זָאל נָאךְ קֶענֶען גוּטֶעס טָאן אוּם מַיין גֶעוִויסִין אַיין עֶטְוָואס צוּ בֶּערוּהִיגֶען «נוּר אִיךְ אֵיינֶע אִין אַייֶערֶע לֶענְדֶער» הָאט זִיא אִים גִיעֶנְטְפֶערְט אוּנ אִיךְ דִיא אֵיינְצִיגֶע קֶען שׁוֹין לֵיידֶער קַיין גוּטֶעס פוּן אַייךְ אָן גֶעמֶען, «אוּנ וָוארוּם דֶען נִיכְט» הָאט עֶר אִיר גִיפְרֶעגְט, «וַוייל מִיךְ הָאט גֶעטְרָאפִין דָאס זֶעלְבִּיגֶע וָואס עֶס הָאט גֶעטְרָאפִן דִיא מַלכה» אוּנ בִּין אַזוֹ גֶעוָוארִין אוּמְגְלִיקְלִיךְ וִויא זִיא, דֶען אִיךְ פֶערְשְׁטֵייא אוֹיךְ וִויא זִיא אוֹיף רִיכְטִיג צוּא לִיבִּין, אוּנ מַיין גֶעלִיבְּטֶער אִיז מִיר זֵייעֶר פְרִיא צַייטִיג אָפּ גֶערִיסִין גִיוָוארִין, אוּנ וֶוערְדֶע שׁוֹין מַיינֶע יָארִין אֵיינְזַאם אִין קִימֶער פַאר לֶעבִּין, אוּנ אַזוֹ אִיז שׁוֹין פַאר מִיר אַלֶעס אִיבֶּעריג, אוּנ דַיינֶע גִיטֶע גְרוֹיסֶער קֵינִיג וֶוענְדֶע אָן בֶּעסֶער אָן אֵיינֶע אַנְדֶערֶע פֶּערְזָאן וֶועלְכֶע עֶס אִיז נָאךְ לֶעבֶּענְס לוּסְטִיג.

געווארפין וואס זיא האט אים אפ געהאלטין דאן פון צו באשטראפין שטרייניג אין אנפאנג דארט אין לאנדאן די ערסטע רוצחים אונ מארד ברעכער ביי דער קראנאציע , אונ אין דער גאנצער צייט פון דיזעם געשפרעך וואס האט גידויערט זייער לאנג האט ער אלץ ניט ארונטער גינומען די אויגין פון דער הדסה דען זיא האט אים וויא באצויבערט מיט איהרע געטליכע שוינהייט , אונ נאך מעהר מיט איר אן קלאגענדע אונ טרויעריגע מינע , ביז ער האט זיך ניט גיקענט איין האלטין אונ האט איר גיפרעגט ווער זיא איז . „איך הייס מירטהע“ האט זיא אים גיענטפערט , איך בין די טאכטער פון דעם בענעדיקטוס , מיין פאטער לעבט שוין ניט מער . ער איז ביז צום טויט געשלאגין געווארין פון די קרייצפאהרער , „אונ וואס מאכט יאסען“ האט איר דער קיניג ווייטער גיפרעגט , „וואס אלע יודין פון יארק מאכין“ האט זיא אים גיענטפערט . „אונ וואס מאכט זיין טאכטער די מלכה“ האט ער ווייטער גיפרעגט . „זיא איז מיט איינינע טעג פריער פאר אים געשטארבין“ האט זיא אים גיענטפערט .

„אזו מלכה איז געשטארבין“ האט דער קיניג אויס געשריען אונ האט פאר בראכין די הענט , די שיינע מלכה , די געטליכע , די צנועדיגע , א פאר פלוכט זאיי די האנט וואס האט איהר דאן דא אין לאנדאן בעליידיגט , א טייערע אייביג געליבטע מלכה פאר געסין זאל איך מיינע רעכטע האנט אויב איך ווערדע דיך ווען פאר געסין , ביי דיזע ווערטער איז די הדסה געפאלין אויף די קניא אונ איהרע ביידע אויגין האבין זיך גיעפינט וויא צוויא קוואלין וואסער . אונ דער קיניג איז אלץ אומגינאנגען איבער דעם זאל , אונ האט געבראכין די הענט , אונ דער נאמען „מלכה“ האט פון זיין מויל פערקלונגען דעם זאל , אונ דער נאך אלס ער האט זיך שוין איין ביסעל בערוהיגט , האט ער זיך אום גיווענדעט צו איר אונ האט גיזאגט , „שטייא אויף מיידכען אונ זאג ווארעסט דוא נוט מיט דער מלכה , ווארעסט דוא איר פאר טרויטע פריינדין“ .

„א גרויסער קיניג“ האט זיא אים גיענטפערט , איך וואר איר פיל בעסער אלס איינע שוועסטער , מיר ווארין נור איין זייל אין צווייא קערפער , „נון מוזטו דאך אויך וויסין“ האט צו איר דער קיניג גיזאגט , „פון מיין ליבע צו איר“ , „א זיא האט עס מיר אין דעם ערסטין טאג מיט געטיילט“ האט אים די הדסה גיענטפערט , נון האט זיא דען געוואוסט פון וועלכין דאנג איך בין . דאס הייסט דאס איך בין ריכארד דער קיניג האט ער איר ווייטער גיפרעגט , „ניין האט זיא אים גיענטפערט“ זיא האט אייך געהאלטין נור

צוּ אִיר גִיזָאגְט אָפְּ בַּיינֶענְדִיג זִיךְ צוּרִיק, «אָ מֶעכְטִין דִיזֶע טוֹיא טְרָאפִּינְס ווִידֶער בַּאלֶעבִּין אוּנ אָפּ פְּרִישִׁין דַיינֶע גֶעלְבֶּע אוּנ ווֶעלְקֶע בְּלֶעטֶער», נוּן זָאג מִיר מַיין קִינְד ווָאס דֵיינְקְסְט דוּא אִיצוּנְד, מִיט ווָאס קֶען אִיךְ דִיר דִינֶען, הָאסְט דוּא נָאךְ הָאפֶענוּנְג.

«אָ גְרוֹיסֶע קִינִיגִין» הָאט זִיא אִיר גִיעֶנְטְפֶערְט, אַלֶע מַיינֶע הָאפֶענוּנְג זַיינֶען שׁוֹין אִין דִיזֶעם לַאנְד מִיט פִיסֶען צוּ טְרָאטִין, אִיךְ דֵיינֶקֶע אַזוֹ נָאךְ שְׁפַּאנִיעֶן צוּ צִיהֶען, «נוּא ווִילְסְטוּ דַיין פָאטֶער לַאנְד פֶערְלָאסִין» הָאט אִיר דִיא קִינִיגִין גִיפְרֶעגְט, «וואוּ הָאט אַיין יוּדֶע אַיין פָאטֶער לַאנְד בַּייא דֶער יֶעצְטִיגֶע צַייט» הָאט זִיא אִיר גִיעֶנְטְפֶערְט. אִין אוּנְזֶערֶע אַלְטֶע דברי הימים שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבִּין דִיזֶע ווֶערְטֶער, אַיין פָאגֶעל הָאט זַיין נֶעסְט, אַיין פוּקְס הָאט זַיין לָאךְ, דֶער יוּדֶע אָבֶּער קוֹים זַיין גְרַאבּ, דֶען עֶר ווֶערְט גֶעיָאגְט אוּנ גִיהֶעצְט פוּן אֵיין לַאנְד אִין דָאס אַנְדֶערֶע לַאנְד.

«אוּנ דָאךְ בְּלַייבּ דָא הדסה» הָאט אִיר דִיא קִינִיגִין גִיעֶנְטְפֶערְט, אִיךְ פֶערְזִיכֶערֶע דִיר דָאס דָאס אִיז שׁוֹין דֶער לֶעצְטֶער שְׁטוּרֶעם ווָאס אִיז דָא אִיבֶּער דַיין נַאצְיָאן אִיבֶּער גִיגַאנְגֶען, עֶס ווִירְד שׁוֹין דָא אֵיינֶע אֵייבִּיגֶע רֶעכְט הֶערְשֶׁען, אוּנ דִיא יוּדִין ווֶעלִין שׁוֹין גְלַייכֶע בִּירְגֶער זַיין ווִיא אַלֶע אַנְדֶערֶע ווָאס וואוֹנֶען אִין איינגלאנד, נוּן פֶערְגֶעס אָן אַלֶע לֵיידִין אוּנ ווֶער גוּט פְרַיינְד מִיט אוּנְז.

«אָ לִיבֶּע קִינִיגִין» הָאט אִיר דִיא הדסה גִיעֶנְטְפֶערְט, אִיךְ ווִיל אַוֶועק פוּן איינגלאנד נִיט אוֹיס פוּרְכְט פַאר דִיא שְׁפֶּעטֶערֶע צַייטִין, נוּר צוּלִיבּ דֶעם ווָאס אִיךְ בִּין דָא שׁוֹין אֵיינֶע עֶלֶענְדֶע, אֵיינֶע ווִילְד פְרֶעמְדֶע, אִיךְ ווִיל אַוֶועק צוּ דִיא עֶלְטֶערִין פוּן מַיין גֶעלִיבְּטִין חתן, אִיךְ ווֶערְדֶע זֵייא זָאגִין דָאס אִיךְ בִּין עֶם דִיא הדסה ווָאס הָאט גֶעזָאלְט זֵייעֶר שְׁווִיגֶער טָאכְטֶער ווֶערִין, אוּנ בִּין גֶעקוּמֶען נוּר אוּם מִיט זֵייא צוּזַאמֶען בֶּעווֵיינֶען.

אִין דֶעם ווִיא זֵייא רֵיידִין דָא אַזוֹ, אִיז אַרַיין אַיין קַאמֶער דִינֶער אוּנ הָאט גִימֶעלְדֶעט דֶער קֶענִיגִין דָאס דֶער קִינִיג אִיז גִיקוּמֶען, אוּנ אִיז טַאקֶע אִין דֶעם זֶעלְבִּיגִין אוֹיגִין בְּלִיק אַרַיין אוּנ הָאט זֵייא בֵּיידִין דֶער ווִיסְט אִין דִיזֶעם טְרוֹיעֶרִיגִין גִישְׁפְּרֶעךְ מִיט פֶערְווֵיינְטֶע אוֹיגִין, עֶר הָאט אִין דֶער הדסה דֶער קֶענְט אוֹיף דֶער שְׁטֶעלֶע אַיין אִידֶעשֶׁעס מֵיידְכֶען, אוּנ הָאט זִיךְ דַאהֶער זֵייעֶר לַייכְט גִישְׁטוֹיסִין פוּן ווָאס דָא קֶען אִיצוּנְד גִירֶעט ווֶערִין, אוּנ דַאהֶער בַּאלְד נָאךְ דֶעם עֶרְסְטִין גֶערוּס הָאט עֶר אָן גֶעהֵייבִּין צוּ רֵיידִין מִיט דֶער מוּטֶער פוּן דִיא רציחות ווָאס דִיא קְרֵייצְפַאהְרֶער אוּנ דֶער נַארָאד הָאבִּין אָן גִימַאכְט אִין יארק, אוּנ אִין דִיא אַנְדֶערֶע שְׁטֶעט, אוּנ הָאט אִיר פָאר

אונ דיא קיניגין וואס וואר שוין זייער נוט קלאר אין הדסעס לאגע האט איר דיא גאנצע צייט ניט געוואונדרוהיגט מיט קיין בעזוך, מיט קיינע נאכפראגע, זיא האט איבער געווארט ביז דיא הדסה האט זיך האלב בארוהיגט אונ צו זיך גיקומען, אונ דאן האט זיא איר געלאזט זאגין דאס זיא ווינצט דאס זיא זאל איר אויף דעם דריטין טאג באזוכין, אין דיא דרייא טעג האט זיא זיך צו רעכט געמאכט מיט אירע קליידונג, מיט איר פוץ וויא ווייט מעגליך איז, אונ האט אזו ערשיינט פאר דיא קיניגין געקליידעט האלב יום טובדיק אונ האלב זאלאבע, אונ האט אזו נושא חן גיוועזן ביי דיא קיניגין וויא אמאל אסתר המלכה בייא אחשורוש.

«וויא גייט עס מיינע ליבע הדסה» האט איר דיא קיניגין גיפרעגט, «א גרויסע קיניגין» האט זיך דיא הדסה אפ גירופין צוא איר פאלענד אויף די קניא, רופט מיך ניט הדסה מירטהע רופט מיך בעסער «ווייד» ערבה*) דען איך בין איינע טרויערנדע, בייא מיינעם ערסטין קומען צוא איהרער מאיעסטעט האט מיך מיין פאטער ביז איהר טראן בעגלייטעט, מיינע מוטער האט דער ווארטעט מיין צוריק קומען דארט אין מיינער היים. אין מיינעם הערצין האט גיטראהנט וויא איין קיניג מיין געליבטער יאזעף, אונ איצונד א גרויסע קיניגין בין איך שוין איינע ארעמע אונ פערלאזענע יתומה, איינע טרויערענדע יונגפרויליכע וויטווע, דען דער יאזעף אבדועל וועלכין איך האב שוין מיט רעכט «מיין» גינאענט, שלומערט שוין דעם איינגענעם שלאף, ער איז אלם איין הייליגער פאר זיין גלויבין געשטארבין, א מעכטע מיך דיזער פרומער טויט מיט אים פאר איינגט.

דיזע רייד פון דיזער הדסה וואס זיא האט זייא אויס געשפראכין מיט איינער זיסע אונ קלאגענדע שטימע האבין זיך אריין געגליצט זייער זאנפט אין דיא אויערין פון דער קיניגין, אונ האבין אזו רירענד בעוועגט איר הערץ אונ איר ברוסט, דאס זיא האט זיך איין געבויגין אונ האט איר אקוס געטאן אויף איר וואס גיוועלבטין שטערין, אונ האט אים דער בייא באנעצט מיט איינינע גרויסע טראפין טרערין «א מיינע טייערע מירטהע» האט זיא

צוא

*) מיר האבין שוין דיזע באמערקונג פריער גימאכט דאס דער בוים הדס איז אין טייץ מירטהע, אונ עס ווערין מיט זיינע צווייגין געצירט דיא בלומען קרענץ פון דיא כלות, אונ דער בוים ערבה הייסט אין טייץ ווידע, אונ ווערט גיפלאנצט אויף קברים צום טרויער, דען דיזער בוים מיט זיינע פון איינאנדער גילאזענע צווייגין זעהט אויס וויא איינע טרויערנדע פרויא מיט פון איינאנדער גילאזענע האר.

20.

## „הדסה אונ יאזעף“

נון אִיז שוֹין גֶענוּג צַייט דָאס מִיר זָאלְין אוּנְז דֶער מָאנֶען אָן דִיא צְוַוייא הֶעלְדִין פוּן אוּנְזֶער גֶעשִׁיכְטֶע, אוּנ דָאס אִיז דִיא הדסה אוּנ אִיר חָתָן יאזעף אבדועל, דָאךְ פְרִיעֶר פוּן דִיא הדסה.

מֶעהְר אַלְס פוּפְצֶעהֶען מַייל הָאט דֶער קַאנָאוָואי גִיטְרָאגִין דִיא הדסה מִיט דִיא אנא אִין אֵיינֶער פֶערְהַאנְגֶענֶע זֶענְפְטֶע, זֵייעֶר שְׁטְרֵיינְג בֶּעוַואכְט וִויא זֵייעֶר הֶער שאטעאוּגרין הָאט בַּאפוֹילִין, אוּנ אַזוֹ אִיז דִיא רַייזֶע זִיךְ פָארְוֶוערְטְס גִינַאנְגֶען נַאנְץ אוּם גִישְׁטֶערְט בִּיז מֶען אִיז גִיקוּמֶען נִיט וַוייט פוּן דֶער שְׁטָאט „רעאוּיען“ וָואס דָארְט וַואר דָאס וִוינְטֶער קְוַואטִיר פוּן דֶער קִינִיגִין לעאנארא, אוּנ וָואס לוֹיט דֶעם בַּאפֶעל פוּן דֶעם שאטעאוּגרין הָאבִין זֵייא אִיר גֶעדַארְפְט מִיט אַפָּאר מַייל פְרִיעֶר אוֹיס מַיידִין, דֶען עֶר הָאט גוּט פֶערְשְׁטַאנֶען דָאס דִיזֶע שְׁטָאט קֶען אִים צוּ דִיזֶעם טְרַאנְסְפָּארְט אַזוֹ פִיל שַׁאדִין וִויא אֵיינֶע קְלִיפֶּע צוּ אֵיינֶער שִׁיף אוֹיף אַיין רַייסֶענְדִין פְלוּס, אוּנ זַיינֶע לַייטֶע הָאבִין אִים אִין דִיזֶער זַאכֶע אוֹיךְ גִיפָאלְגְט. אוּנ הָאבִין זִיךְ מִיט אַפָּאר מַייל פְרִיעֶר אָפּ גֶעבּוֹיגִין אִין אַזֵייטִיגֶע וֶועג וָואס גֵייט דוּרְךְ אַטִיפִין וַואלְד, אוּנ דִיזֶע קְלוּגֶע פָארְזִיכְטִיגְקַייט הָאט אִים גְרַאדֶע אוּמְגְלִיקְלִיךְ גִימַאכְט, דֶען צוּ הדסעס גְלִיק הָאט דַאן גְרַאדֶע דִיא קִינִיגִין דָארְט אִין וַואלְד גֶעיַאכְטֶעט, אוּנ הָאט זֶעלְבְּסְט אָן גֶעטְרָאפִין דִיזֶען פַאר בָּאטֶענֶעם אוּנ גֶערוֹיבְּטִין טְרַאנְסְפָּארְט, אוּנ הָאט אַזוֹ גֶעלָאזְט דִיזֶע בֵּיידֶע פְרוֹיעֶן אָפּ שִׁיקִין אִין פַּאלַאץ „וועדאמא“ וָואס וַואר אִין „רעאוּיען“, אוּנ דָארְט הָאט מֶען זֵייא אָפּ גִיגֶעבִּין בַּאזוּנְדֶערֶע צִימֶערִין מִיט אַלֶע וִוינָאדֶעס, דֶען עֶס פְלֶעגְט זֵייא צוּ בַּאזוּכִין אַלֶע טָאג דֶער הוֹיף דָאקְטֶער, אוּנ אִין פֶערְלוֹיף פוּן אַיין מָאנְהַייט אִיז דִיא הדסה גֶעוָוארִין רֶעכְט גִיזוּנְט דָאס זִיא הָאט שׁוֹין גִיקֶענְט אָן נֶעמֶען בֶּעזוּכֶע פוּן דִיא דָארְטִיגֶע יוּדִין, אוּנ פוּן זֵייא הָאט זִיא שׁוֹין גִיהֶערְט דִיא טְרוֹיעֶרִיגֶע גֶעשִׁיכְטֶע פוּן יארק, אוּנ הָאט אַזוֹ בֶּעוֵויינְט אוֹיף אַיין מָאל פִיל גֶעלִיבְּטֶע אוּנ טַייעֶרֶע פֶערְוַואנְדֶעטֶע, אִיר מוּטֶער, אִיר גֶעלִיבְּטִין יאזעף אבודעל, דֶען זִיא הָאט גֶעגְלוֹיבְּט דָאס עֶר אִיז אוֹיךְ אוּם גִיקוּמֶען דָארְט אִין פֶעסְטוּנְג, זִיא הָאט בַּאוֵויינְט דֶעם יאסען אוּנ אַזוֹי נָאךְ זֵייעֶר פִיל גוּטֶע פְרַיינְד אוּנ בַּאקַאנְטֶע, זִיא הָאט טְרוֹיעֶר אָן גִיטָאן אוּנ הָאט בַּאדוֹיעֶרְט. אַלֵיין וָואס זִיא הָאט דָאס אוּמְגְלִיק אַזֶעלְכֶע טַייעֶרֶע אוּנ הֵיילִיגֶע פֶערְזָאנֶען אִיבֶּער צוּ לֶעבִּין.

ווִיסְט דָאס מֶענֶער פְרוֹיעֶן אונ קִינְדֶער לִיגִין גִישָׁאכְטֶעגֶערְהֵייד אִין אֵיינֶעם הוֹיפִין אונ שְׁווִימֶען אִין זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע בְּלוּט.

דָאךְ אָבֶּער דִיזֶע שְׁרֶעקְלִיכֶע שְׁצֶענֶע וָואס דַארְף אִין יֶעדֶעם מֶענְשְׁלִיכֶע הֶערְץ עֶרְוֶועקִין אַיין צִיטֶערִין אונ אַיין אוּם אוֹיס שְׁפְּרֶעכְלִיכִין שְׁמֶערְץ, הָאט גְרַאדֶע דִיזֶע בְּלוּט דוּרְסְטִיגֶע לַייט הֶעכְסְט עֶרְפְרֵייט, אונ הָאבִּין אַרַיין גֶעפִּירְט זֵייעֶרֶע שַׁארִין אִין דִיזֶער פֶעסְטוּנְג מִיט גְרוֹיס פַּארַאד, מִיט גִיזַאנְג אונ קְלַאנְג, דֶען זֵייא הָאבִּין גִימֵיינְט דָאס זֵייא וֶועלִין דָארְט עֶרְווִיסֶען גְרוֹיסֶע רַייכְטוּם, בֶּערְג גָאלְד אונ זִילְבֶּער, זֵייא הָאבִּין זִיךְ אָבֶּער אִין זֵייעֶר הָאפֶענוּנְג גַאנְץ בֶּעטְרָאגִין, דֶען זֵייא הָאבִּין דָארְט קַיין פָאדֶעם דֶער ווִיסְט, דֶען דִיא יוּדִין הָאבִּין בֶּעפָאר זֵייא הָאבִּין זִיךְ אַלֵיין אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערִין גִיהַארְגֶעט, פַאר בְּרֶענְט אַלֶעס וָואס זֵייא הָאבִּין בַּייא זִיךְ גִיהַאט, אונ דַאהֶער זַיינֶען דִיא קְרֵייצְפַאהְרֶער אוֹיס פַארְדְרוּס אִיבֶּער גִיפַאלִין אִיבֶּער דִיא טוֹיטֶע קֶערְפֶּער אונ הָאבִּין זֵייא אוֹיף שְׁטִיקֶער צוּ הַאקְט.

דֶער עֶרְסְטֶער גַאנְג פוּן דֶעם שאטעאוינרין וַואר צוּ דֶעם קֶעלֶער וואו עֶר הָאט גֶעהַאלְטִין אַיין גִישְׁפַּארְט דֶעם יאזעף אבדועל, זַיין טְרַייעֶן וֶועכְטֶער הָאט עֶר שׁוֹין נִיט דֶער ווִיסְט, דָא הָאט עֶר גִילָאזְט אוֹיף בְּרֶעכִין דִיא טִיר, אונ הָאט דֶעם יאזעפין שׁוֹין אוֹיךְ נִיט דֶער ווִיסְט, עֶר הָאט נוּר דֶער ווִיסְט זַיין בֶּעטִיל אַזוֹ וַוארֶעם אונ אַזוֹ אַיין גֶעדְרִיקְט אַזוֹ ווִיא עֶר ווָאלְט אִיר עֶרְסְט פֶערְלָאזִין, נוּן הָאט עֶר אִים גִילָאזְט זוּכִין אוּנְטֶער דִיא גִישְׁלַאכְטֶעטֶע יוּדִין, אונ אַלְס עֶר הָאט אִים דָארְט אוֹיךְ נִיט דֶער ווִיסְט הָאט עֶר אוֹיס גֶעשְׁרִיעֶן „נוּן בִּין אִיךְ פֶערְלָארִין" דֶער יוּנְגֶער מַאן אִיז אַנְטְלָאפִין אונ זַיין רַאכֶע פַייל וֶועט מִיר שׁוֹין פֶערְגֶעווִיס פוּן וַוייטִין טְרֶעפִין.

דֶער צְווֵא נָאךְ הָאט עֶר בַּאקוּמֶען אִין דִיזֶעם טָאג דִיא טְרוֹיעֶרִיגֶע נַאכְרִיכְט דָאס דִיא הדסה: מִיט דֶער אנא אונ מִיט זֵייעֶר קַאנָאוָואי זַיינֶען גָאר נִיט אָנְגִיקוּמֶען קַיין גְרַאנְפִילֶע, אונ אִיז דֶער פוּן שִׁיר פוּן זִינֶען אַרָאפּ, דֶען עֶר הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען אוֹיף קְלָאר דָאס דֶער קִינִיג וֶועט שׁוֹין ווִיסִין פוּן אַלֶע זַיינֶע מַעֲשִׂים רָעִים.

אִין דִיזֶע צַייטִין הָאבִּין דִיא איינגעלשע יוּדִין גֶעלִיטִין זֵייעֶר פִיל כִּמְעַט אִין אַלֶע איינגעלשע שְׁטֶעט, אִיבֶּער הוֹיפְּט אִין דִיא קְהִלּוֹת פוּן לִיאָן, שטאמפארט, ענדמאנסבור, נארוויך אונ לינקאלין, עֶס וַואר דָארְט פֶערְגָאסִין גֶעוָוארִין אִידֶעשֶׁע בְּלוּט טַייכִין וַוייס.

און האבין גיטייטעט דער מיט פילע אידעשע מענטשין, איבער הויפט קינדער און פרויען, איין שטיין האט געטראפין דעם יאסען שטייענדינג בייא דעם עמוד דאוונענדיק מנחה בצבור. און האט דיזעם היילינגען גיטייטעט אויף דער שטעלע.

און עס וואר אלס דיזער שטרייט האט זיך געצויגן אין דער ליינג, און דיא יודין האבין איין גיזעהען דאס זייא וועלין דא גאר ניט אויס פירין, דען עס ווערט בייא זייא פון טאג צו טאג וויינינגער מענטשין און וויינינגער שפייז, און אויף הילפע פון לאנדאן איז שוין אויך ניט צו רעכענען, איז בייא זייא געבליבין דאס זייא זאלין ארויס שיקין איין שליח פון זיך וואס זאל אן באטין איין פרידין צו דיא בעלאגערער, דאס הייסט זייא וועלין זייא איבער געבין דעם פעסטונג מיט גאר זייערע גרויסע פערמעגינס, נור בתנאי דאס מען זאל זייא לאזין אפ ציהען פון דאנען אין פרידין, און האבין ארויס געשיקט עטליכע איינגעלשע סאלדאטין פון דיא פופציג מאן וואס זיינען געבליבין בייא זייא אין פעסטונג פון דעם שאטעאוינרינס לייטע, מיט אווייסע פאנע און מיט דיא שריפט פון איין פרידענס בעדינגונג, דער שאטעאוינרין האט זיך אבער אויס געלאכט, און האט גיענטפערט נאך אין איינינע טעג וועלין מיר ביידע האבין צוזאמען, זייערע מענטשין און זייערע געלט.

און עס וואר אלס די יודין האבין מקבל גיוועזען דיזע אום פריינדליכע אנטוואורט, האט דער איזאק אריכא זייער ערענטליך באשאנקען דיא פופציג מאן איינגלענדער, האט זייא גידאנקט פאר זייערע ביז הערינגע טרייהייט, און האט זייא גיהייסין אפ ציהען פון פעסטונג ביז איינעם, און דיא סאלדאטין האבין עס גיטאן מיט פריידין, און פון יענער צייט אן האט מען שוין מעהר קיין יודין אויף דיא וואלין גיזעהען, נון האבין דיא קרייצפאהרער גימיינט דאס דיא יודין ווילין זייא דער מיט נור באטריגין, דאס הייסט צו באווען זייא נאהענט צו דער פעסטונג אדער אריין נארין אין פעסטונג אום דארט פלעצליך איבער צו פאלין איבער זייא, און זיינען דאהער געבליבין גאנצע צווייא טעג זיצין רוהיג אין זייער לאגער.

און אויף דעם דריטין טאג פאר נאכט האבין זייא דער זעהען דאס אגרויסער פלאם פייער מיט אגרויסין רויך שטייגט ארויס פון דעם פעסטונג, און אלס זייא האבין אויף מארגין קיינעם פון דיא יודין ניט גיזעהען אויף דיא וואלין האבין זייא זיך שוין גיוואגט אריין צו גיין אינעווייניג, זייא האבין אבער דארט קיין לעבעדיגע זייל גיפונען, זייא האבין נור דער

צָאל, אונ עָס וַואר נִיט קַיין אַנְדֶערֶער וָואס זָאל ממלא מקום זַיין פון אַיין גִיפַאלֶענֶעם, אונ בַּייא דִיא קְרֵייצְפַאהְרֶער פְלֶעגְן צוּ קוּמֶען אָנְשְׁטָאט אֵיינֶעם צֶעהֶען נַייֶע, דֶער איזאאק אריכא אָבֶּער וָואס וַואר דֶער אִידֶעשֶׁער קַאמֶענְדַאנְט הָאט דִיא גֶעמִיטְהֶער פון זַיין קְלֵיינֶע קַאמַאנְדֶע אוֹיפְגֶעפְרִישְׁט מִיט הֵיילִיגֶע אונ פַייעֶרְדִיגֶע וֶוערְטֶער „אָ שְׁטְרַייטֶעט בְּרִידֶער״ הָאט עֶר צוּ זֵייא אַלֶע וַויילֶע צוּ גֶעשְׁרִיעֶן, פַאר אַייעֶר גְלוֹיבִּין, פַאר אַייעֶר לֶעבִּין, פַאר אַייעֶר עֶהְרֶע, שְׁטַארְבְּט וִויא דִיא הֶעלְדִין, שְׁטַארְבְּט אַזוֹ וִויא אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערִין אוֹיף דִיא מוֹיעֶרִין פון ירושלים, דֶער מָאנְט אַייך דָאס אַמָאל הָאט אוּנְזֶערֶער אַקְלֵיינֶער הוֹיפִין כֹּהֲנִים גֶעשְׁטְרִיטִין גֶעגִין דֶעם אַנְטִיוֹכוּס אונ הָאבִּין אִים מְנַצֵחַ גִיוֶוען, אָ נָאטֶעס הִילְפֶע אִיז גְרוֹיס אונ נָאהֶענְט, הַאלְט אַייך נָאך אֵיינִיגֶע טֶעג, עָס וֶועט גִיוִויס קוּמֶען הִילְפֶע פון לאנדאן, גְלִיקְלִיך אִיז יֶענֶער וָואס וֶועט בְּלֵייבִּין לֶעבִּין, נָאך גְלִיקְלִיכֶער אָבֶּער וֶועט יֶענֶער זַיין וָואס וֶועט שְׁטַארְבִּין, דֶען דָאס וֶועט זַיין אַיין מות ישרים, אַיין טוֹיט וָואס בִּלְעָם הָאט אִים מקנא גִיוֶוען.

אונ אַלֶע הָאבִּין גִיעֶנְטְפֶערְט אַיינְשְׁטִימִיג, וִויא מִיר הָאבִּין פֶערְשְׁטַאנֶען צוּ לֶעבִּין פַאר אוּנְזֶער גְלוֹיבִּין, וֶועלִין מִיר פֶערְשְׁטֵיין אוֹיך צוּ שְׁטַארְבִּין פַאר אִים, אונ הָאבִּין אַזוֹ גֶעשְׁטְרִיטִין וִויא דִיא הֶעלְדִין, אונ אַלְס דִיא קְרֵייצְפַאהְרֶער הָאבִּין אַיין גִיזֶעהֶען דָאס זֵייא הָאבִּין דָא צוּ טָאן נִיט מִיט לֶעמֶער נוּר מִיט רַייסֶענְדֶע וֶועלְף, אונ וֶועלִין אַזוֹ נִיט אוּיס פִיהְרֶען גֶעגִין זֵייא מִיט פַייל אונ בּוֹיגִין, אונ אוֹיך נִיט מִיט אוּיס הוּנְגֶערִין, דֶען עָס קֶען דֶער וַויילֶע אוּנְטֶער קוּמֶען הִילְפֶע פון לאנדאן, אִיז בַּייא זֵייא גֶעבְּלִיבֶּען דָאס זֵייא זָאלִין צוּ בְּרֵייטִין שְׁטוּרֶעם מַאסִינֶען. דָאס הֵייסְט צוּג בְּרִיקֶען אִיבֶּער דִיא קַאנַאלִין, לֵייטֶערְס אונ טוּרֶעמְס אוֹיף רֶעדֶער אוּם צוּא לֵייפִין דֶער מִיט אוֹיף דִיא וַואלִין פון פֶעסְטוּנְג, אונ הָאבִּין דֶער וַויילֶע אוֹיף גִיהֶערְט מִיט זֵייא צוּ שְׁטְרַייטִין, דִיא יוּדִין אָבֶּער וָואס הָאבִּין עָס אַלֶעס צוּ גִיזֶעהֶען פון דֶעם הוֹיכִין טוּרֶעם וָואס וַואר דָארְט אִין פֶעסְטוּנְג הָאבִּין גִימַאכְט פַאר קֶערְטֶע הכנות דֶער צוּ, הָאבִּין אָן גִיגְרֵייט קְנוֹילִין אָדֶער בַּאלִין פון פַאקוּלֶע מִיט פֶּעךְ, פִיל שְׁטֵיינֶער אוֹיף דִיא וַואלִין אונ קְלֶעצֶער, זִידֶענְדֶע קֶעסְלֶען פֶּעךְ, אָן גִיבְּרֶענְטֶע שְׁטַאבֶּעס אַייזִין, אונ הָאבִּין דֶער מִיט מְקַבֵּל פָּנִים גִיוֶוען דִיא שְׁטוּרֶעמֶענְדֶע קְרֵייצְפַאהְרֶער. עָס וַוארִין דוּרְך דֶעם זֵייעֶר פִיל גִיטֵייטֶעט פון זֵייא, אונ פִיל טוּרֶעמְס פַאר בְּרֶענְט גִיוָוארִין.

אונ דַאהֶער הָאבִּין דִיא בַּארֶגֶענֶער מַמְצִיא גִיוֶוען נַייֶע שְׁטוּרֶעם מַאסִינֶען וָואס וַוארְפִין אַרַיין אִין פֶעסְטוּנְג גְרוֹיסֶע שְׁטֵיינֶער בְּרַאנְדִין פַייעֶר

כַּאן אוּנְטֶער זִיךְ ׳ נוּן זָאל עֶר אִים אִין דִיזֶער נוֹיט אָפּ לָאזִין פִינְף הוּנְדֶערְט מַאן וָואס זָאלִין דֶעם פֶּעסְטוּנְג הִיטִין בִּיז דִיא גִיפַאר וֶועט פַארְאִיבֶּער גֵיין ׳ אוּנ דִיזֶער פוּלְקָאוְונִיק וָואס חַאר גֶעגִין דִיא יוּדִין אַזוֹ פְרַיינְדְלִיךְ וִויא דֶער קִינִיג זֶעלְבְּסְט הָאט עֶס אִים מִיט פְרֵיידִין גִיגֶעבִּין ׳ דִיא יוּדִין אָבֶּער וָואס וַוארִין אִין דֶעם שאטעאוינרין נִיט אַיין גֶעטְרוֹיט פוּן פְרִיהֶער אָן ׳ הָאבִּין זֵייא אִים נִיט גֶעוָואלְט אַרַיין לָאזִין אִין פֶעסְטוּנְג צוּרִיק ׳ אוּנ הָאבִּין אִים אַזוֹ גִילָאזְט שְׁטֵיין אוּנְטֶער דִיא וַואלִין אַפָּאר טֶעג אִין רֶעגִין אוּנ אִין שְׁטוּרֶעם ׳ אוּנ הָאבִּין נִיט גִיהֶערְט קֵיין רֵייד אוּנ קֵיין גִיבֶּעט ׃

## 19.

## „דִיא בְּלוּטִיגֶע בֶּעלַאגֶערוּנְג“

אוּנ דִיזֶע זַאךְ הָאט אוֹיף גִיקָאכְט דִיא גַאנְצֶע שְׁטָאט אוּנ נָאךְ וִויפִיל מַייל אַרוּם אִיר ׳ עֶס הָאט גֶעהֵייסִין דָאס דִיא יוּדִין הָאבִּין מוֹרֵד גִיוֶועזִין גֶעגִין דֶעם קִינִיג ׳ אוּנ יֶעדֶער בִּירְגֶער הָאט זִיךְ שׁוֹין גִיפוּנֶען בֶּערֶעכְטִיגְט צוּ שְׁטְרַייטִין גֶעגִין דִיא יוּדִין ׃ עֶס הָאבִּין זִיךְ אַזוֹ צוּזַאמֶען גֶעקְלִיבִּין וִויפִיל טוֹיזִנְד אֵיינְגלֶענְדֶער ׃ אַיינְוואוֹנֶער אוּנ קְרֵייצְפַאהְרֶער ׳ אוּנ הָאבִּין גִימַאכְט דֶעם שאטעאוינרין פַאר אַיין הוֹיפְּטְמַאן ׳ אוּנ דִיזֶער הָאט מִיט זֵייא בֶּעלַאגֶערְט דֶעם פֶעסְטוּנְג ׃ אוּנ דִיא פִינְף הוּנְדֶערְט מַאן וָואס עֶר הָאט גִינוּמֶען בַּייא דֶעם פוּלְקָאוְונִיק לֶעצֶעכְטֶערְבוּלֵייא אוּם צוּ שִׁיצִין דִיא יוּדִין וַוארִין אִיצוּנְד גֶעגִין דִיא יוּדִין ׳ אוּנ הָאבִּין אַזוֹ דֶעם שאטעאוינרין גִיהָאלְפִין בַּייא דִיזֶע בְּלוּטִיגֶע בֶּעלַאגֶערוּנְג ׳ דֶער פוּלְקָאוְונִיק וַואר דֶער פוּן הֶעכְסְט אוּם צוּ פְרִידִין אוּנ אִיז גִיקוּמֶען אוּם זֵייא צוּרִיק צוּ פִירִין אִין זֵייעֶר קְוַואטִיר ׳ עֶס וַואר שׁוֹין אָבֶּער צוּ שְׁפֶּעט ׃ דֶען זֵייא הָאבִּין נִיט גִיוָואלְט אָפּ טְרֶעטִין וַוייל זֵייא הָאבִּין גִיהָאפְט צוּ בֶּערַייכֶערִין זִיךְ בַּאלְד מִיט דִיא אִידֶעשֶׁע גְרוֹיסֶע פֶערְמֶעגִינְס ׳ אוּנ הָאבִּין זִיךְ אַזוֹ פֶערְאַיינִיגְט מִיט דִיא קְרֵייצְפַאהְרֶער אִין דִיזֶער בְּלוּטִיגֶער גֶעשִׁיכְטֶע ׃

אִין דִיא עֶרְסְטֶע טֶעג וַואר פוּן בֵּיידֶע צְדָדִים גֶעשְׁטְרִיטִין נוּר מִיט פַייְלִין אוּנ בּוֹיגִין ׳ אוּנ עֶס זַיינֶען פוּן דִיא קְרֵייצְפַאהְרֶער אוּנ פוּן דִיא בִּירְגֶער צְוַואנְצִיג מָאל מֶעהְר גֶעפַאלִין אַלְס פוּן דִיא יוּדִין וָואס הָאבִּין דַאן נוּר פוּן דִיא וַואלִין גֶעשְׁטְרִיטִין ׳ דָאךְ אָבֶּער וַואר דֶער שָׁאדִין פוּן דִיא יוּדִין פִיל גְנֶעצֶער אַלְס פוּן דֶעם אַנְדֶערִין צַד ׳ וַוייל דִיא יוּדִין וַוארִין נוּר אַיין קְלֵיינֶער

קיינער געוואוסט ווער דארט זיצט אונ פאר וואס מען זיצט . אונ דער יאזעף אבודאל וואר וויא מיר ווייסין שוין איינגעשפארט אין טיפין ווייטין קעלער אונטער דיא אויפזיכט פון איינעם טרייען דינער וואס האט געהאט דיא שליסעל צו דיזע געהיימע געפאנגענע .

נון וואר איצונד זייער באנק אום דיזע גיפאנגענע , מעהר אבער אום דעם יאזעף אלס אום דיא פרויען , וועייל לויט דעם נייעם אפ מאך טאר מען דאך קיין מאנס פערזאן ארויס לאזין פון דעם פעסטונג אן ערלויבינעם פון דיא ביידע צדדים , דאס הייסט פון דיא קריסטין אונ פון דיא יודין , דאך איז פיל לייכטער צו זיין בעזארגט וועגין איינעם אלס וועגין דרייען , דאהער איז ביא אים געבליבין דאס דער ווייליע זאל ער זעהען ארויס צוא פאטערין פון דעם פעסטונג דיא ביידע פרויען , אונ האט אזו פארגישטעלט פאר דער אידעשע קאמיסיע דאס ער האט ביא זיך איינע שוועסטער וואס זיא איז צייט אפאר וואכין קראנק געווארין , נון וויל ער איר מיט איר דינערין אפ שיקין אין זיינע גיטער . נון זאל מען אים ערלויבין צו בעגלייטין איר מיט פיר סאלדאטין ביז אהין , ווייל דיא וועג איז איצונד העכסט אונזיכער וועגין דיא קרייצפאהרער , אונ דיזע ערלויבענים איז אים זייער לייכט אנגיקומען , דאך בתנאי דאס ער זאל זיך אין פינף שטונדין צוריק אום קערין מיט זיינע סאלדאטין , אונ מען האט אזו ביידע פרויענצימער געלאזט ארויס טראגין פון פעסטונג אין איינע פערהאנגענע זענפטע , זייא ווארען דאך פריער גירעוועדירט פון דיא וועכטער צו זעהען צו זיינען זייא ניט פאר שטעלטע , אונ אלס מען האט איינגיזעהען דאס עס איז אין דער זאכע קיין טרוג אונ קיין לוג , האט מען ארויס געלאזין נאך זייא אויך דעם שאטעאוינרין מיט איינינע סאלדאטין , אונ מען האט באלד נאך זייא דעם טויער צו געשלאסין .

קוים זיינען זייא ארויס פון פעסטונג האט דער שאטעאוינרין גיהייסין זיינע עטליכע סאלדאטין דאס זייא זאלין דיא ביידע דאמען אוועק טראגין אין איינער אנדערין קלענערין פעסטונג «גראאינפילא» אונ זאלין זייא אנגאנץ וועג היטין דאס זייא זאלין קיין שום אויפטראג ניט האבין מיט קיין פאר ביא גייענדע מענטשין , אונ אליין איז ער אוועק צו דעם פולקאוניק לעצעסטערבוליא וואס וואר דאן אין יארק , אונ האט אים דער ציילט אין וועלכע שלעכטע לאגע עס געפינען זיך איצונד דיא יודין , דאס זייענד אין שרעק פאר דיא קרייצפאהרער זיינען זייא אנטלאפין צו אים אין פעסטונג אונ בעטין ביא אים שוץ . נון האט ער אבער ליידער מער ניט וויא פופצינ

אלע באדערפענים, אונ דער ביא איך אויך גוט לויגען, קורץ דער פון עס וואר דארט אלאנגע אמפעריא, אונ דאס ענדע דער פון וואר צוא ווילענדיג צו ניט ווילענדיג דאס דער שאטעאויגרין האט זייא ארין גענומען אין פעסטונג, אונ דאן האבין דיא יודין באלד אויף געהייבין דעם בריק אונ האבין צו געשלאסין מיט אים דיא פעסטונג אונ האבין אויס גישטעלט אויף דיא וואלין זייערע אייגענע שילד וואכין.

אונ אלס דיא יודין האבין שוין גיהאט דיא פעסטונג אין זייער האנט האבין זייא גימאכט באלד אסעסיאן אונ האבין גילאזט רופין צו זיך דעם שאטעאויגרין אונ האבין גיזאגט, איר זאלט וויסין מיר וואדין טרייע אונטער טאנען פון אונזער קיניג אונ ווערדען עס אימער אזו זיין, אונ דאהער וועיל איר זייט איין מאל שוין בעשטעטיגט פון קיניג פאר איין קאמענדאנט איבער דיזער פעסטונג ווען מיר איך אין דיזעם ציין לאזין, דאך אבער וועיל איר זייט אונז שוין איינמאל פערדעכטיגט, ווערדען מיר איך זעצין איינעם פון אונז ביא דער זייט דאס איר זאלט אן זיין וויסין ניט טאן וואס אהאר איז ווערט, אונ דיזער איינער איז דער איזאק אריכא, איבערהויפט טאר קיין מענטש ניט ארין אונ ניט ארויס פון דעם פעסטונג אן דעם וויסין פון איך ביידין.

צו ווילענד צו ניט ווילענד האט דער שאטעאויגרין אין דער זאכע אויך איינגעשטימט, דער שליסעל פון טויער איז איבער גיגעבין גיווארין צו זעקס מענטשין אין דיא הענט, דריא יודין דריא קריסטין, אונ דער נאך האבין אלע גימוזט שווערין סאי יודין סאי קריסטין זעלבסט דר שאטעאויגרין אויך דאס מען זאל דיזען פעסטונג איין היטען פון דיא קרייצפאהרער ביז דעם לעצטין טראפין בלוט, ביז מען וועט באקומען הילפע פון לאנדאן, אונ באלד נאך דעם האט מען אויס געטיילט אונטער דעם פאלק זייער פיל וויין אונ שפייז, אונ דורך דעם זיינען געווארין דיא קריסטליכע סאלדאטין מיט דיא אידעשע איין לייב אונ זייל. אונ אזו וואלט פערגעווים דער שאטעאויגרין מיט דער צייט אויך געווארין זייער גוט מיט זייא, ווען זייא האבין אים פערשפראכין איינע גרויסע בעלוינונג, ער האט עס אבער ניט גיקענט אן נעמען אזו לאנג ער האט ביא זיך אין פעסטונג אלע גיפאנגענע, דעם אבודאל, דיא הדסה מיט דער אנא מערידיט, דיא ביידע פרויען זיינען גיזעסין אין צוייא צימערין וואס וואדין פערבונדין מיט זיין איינגענעם וואונונג, אונ וואדין זייער גוט בעוואכט דאס קיין אויג אונ גליד איינעם פרעמדין האט גיקאנט אהין איינדרינגען, אונ אזו האט גאר

שׁוּל הוֹיף וָואס וַואר אַרוּם מִיט אַמוֹיעֶר , אוּנ הָאט גֶעהֵייסֶן דָאס אַלֶע מַאנְס לַייט זָאלֶין זִיךְ בֶּעוַואפֶּענֶען מִיט שְׁוֶוערְדֶין , בּוֹיגֶען אוּנ שְׁפִּיזֶין , אוּנ זָאלֶין אוֹיף פַּאקֶען אַלֶע זַאכֶין אוֹיף דִיא פוּרֶין וָואס וַואר שׁוֹין דָארְט אִין בְּרֵייטְשַׁאפְט , אוּנ אַנְטְקֶעגֶין אָווינְד הָאט דֶער יאסען אֵיינֶע רֶעדֶע פַאר זַייא גֶעהַאלְטֶין וִויא דֶער כּהן משוּח מלחמה פְּלֶעגְט צוּ הַאלְטֶין פַאר דֶעם אִידֶעשֶׁען אַרְמֵייא פַאר אַשְׁלַאכְט , עֶס וַואר דָארְטֶין פַאר גָאסֶין גֶעוָוארֶין טְרֶערֶין טַייכֶענְוַויים , אוּנ דַאן מִיט אָוֶוענְד צוּ גְלַייךְ הָאט עֶר אוֹיף גִיעֶפֶינְט דֶעם בְּרָאם אוּנ הָאט דִיא גַאנְצֶע גֶעמֵיינְדֶע מִיט הַאק אוּנ פַאק אַרוֹיס גֶעפִירְט פוּן שׁוּל הוֹיף אוֹיף אַזַייטֶען וֶועג זֵייעֶר שְׁטִיל אוּנ רוּהִיג , אוּנ הָאט זַייא אִין אֵיינֶער שְׁטוּנְדֶע גִיבְּרַאכְט צוּ דֶעם פֶעסְטוּנְג וואוּ דֶער רִיטֶער שאטעאוּיגרין וַואר דָארְטֶין קאמֶענְדַאנְט , עֶס וַואר נָאךְ פַאר נַיין דֶעם זֵייגֶער , אוּנ הָאבֶּין נָאךְ דַהֶער דֶער וואוּסְט לִיגֶענְדִיג דֶעם בְּרִיק אִיבֶּער דֶעם בְּרֵייטֶין וַואסֶער וָואס וַואר דָארְט אוּם דֶער פֶעסְטוּנְג , דֶען וִויא נוּר נָאךְ נַיין פְּלֶעגְט מֶען אִים שׁוֹין אוֹיפְצִיהֶען אוּנ פַאר שְׁלִיסֶין מִיט אִים דֶעם בְּרָאם , וַוייל דֶער בְּרִיק הָאט גֶעדִינְט בַּייא נַאכְט פַאר אַטוֹיעֶר צוּם פֶעסְטוּנְג .

אוֹיף דִיזֶעם בְּרִיק זַיינֶען אַרוֹיף זֶעקְס הוּנְדֶערְט גוּט בֶּעוַואפֶּענְטֶע יוּדֶין , וָואס הוּנְדֶערְט פוּן זַייא הָאבֶּין גֶערִיטֶין אוֹיף פֶערְד , אִין פֶעסְטוּנְג אָבֶּער וַוארֶין נוּר זֶעכְצִיג מַאן סָאלְדַאטֶין , אוּנ דַאן הָאט דֶער יאסען גִיבֶּעטֶין עֶרְלוֹיבֶּענִיס פוּן דֶעם שאטעאוּיגרין דָאס זַייא זָאלֶין אַרַיין צִיהֶען אִין פֶעסְטוּנְג אוּם זִיךְ שִׁיצֶען נוּר פוּן דִיא קְרֵייצְפַאהְרֶער בִּיז זַייא וֶועלֶין בֶּעקוּמֶען הִילְפֶע פוּן לאנדאן , דֶען זַייא הָאבֶּין גֶעשִׁיקְט אַהִין אַיין גֶעוִויסֶען מֶענְטְשֶׁין וֶועגֶין דֶעם , דֶער שאטעאוּיגרין אָבֶּער הָאט זַייא קַיין עֶרְלוֹיבִּינֶעם גֶעוָואלְט גֶעבִּין , „נֵיין" הָאט עֶר זַייא גִיעֶנְטְפֶערְט , עֶס אִיז מִיר דִיזֶער פֶעסְטוּנְג אָן גֶעטְרוֹיט פוּן דֶעם קֶינִיג דָאס אִיךְ זָאל אִים הִיטֶין , נוּן אִיז דֶער עֶרְסְטֶער בֶּעדִינְג דָאס אִיךְ טָאר קַיין גֶעוַואפֶּענְטֶין מַאן אוֹיסֶער מַיינֶע לַייטֶע נִיט אַרַיין לָאזֶין אִין אִים , אוּנ דָאךְ אִיז דֶער וִוילֶין פוּן קֶינִיג , הָאט זִיךְ דֶער יאסען אָפּ גֶערוּפִין , דָאס מִיר אוּנְשׁוּלְדִיגֶע אַיינְוואוֹנֶער זָאלֶין שׁוּץ גִיפִינֶען אִין דִיזֶער פֶעסְטוּנְג גֶעגֶין דִיא קְרֵייצְפַאהְרֶער , מִיר זַיינֶען גֶעוַואפִינְט אוּם נוּר אוּנְז אָפּ צוּ וֶוערִין פוּן אוּנְזֶערֶע מֶערְדֶער , אוּנ אִיר זֶעלְבְּסְט זַייט שׁוּלְדִיג אוּנְז אוֹיף צוּ נֶעמֶען דָא אוּנ צוּ שִׁיצִין דָא . אוּנ דַאהֶער וֶוען זַייא וֶועלֶין אוּנְז נִיט וֶועלֶין מִיט גוּטִין דָא אוֹיף נֶעמֶען , וֶועלֶין מִיר מִיט גְוַואלְד אַהֶער אוּנְז אַיינְדְרִינְגֶען , אוּנ דָאךְ וֶועלֶין מִיר נִיט פֶערְלַאנְגֶען אַייעֶר מִיהֶע אוּמְזִיסְט , מִיר וֶועלֶין אַייךְ אוּנ אַייעֶרֶע לַייטֶע אִיבֶּער דִיזֶע צַייט אוּם הַאלְטֶין מִיט

אוּנ דֶעם יאזעפין אוּם דָאס עֶר זָאל נִיט זַיין אִיר אוֹיף זוּכֶער, אוּנ אוֹים דִיזֶער אוּרְזַאךְ הָאט עֶר דִיא הדסה אוּנ דִיא אנא אוֹיף גֶענוּמֶען זַייעֶר פְרַיינְדְלִיךְ, הָאט זַייא אָפּ גִיגֶעבִּין צְוַוייא גְרוֹיסֶע צִימֶערִין מִיט אַלֶע וִוינָאדֶעס, הָאט דִיא הדסה גֶעטְרַייסְט. גֶעקְוִויקְט מִיט דִיא טַייעֶרְסְטֶע זַאפְטִין, אוּנ דֶעם יאזעף אבודאל אָבֶּער הָאט עֶר גִילָאזְט אַיין שְׁלִיסִין אִין אַיינֶעם טִיפִין קֶעלֶער וִויא אַיין גְרוֹיסִין פֶערְבְּרֶעכֶער. אוּנ הָאט אִים דָארְט גִינֶערְט מִיט דִיא בֶּעסְטֶע שְׁפַּייזִין וָואס זַיינֶען נוּר עֶרְלוֹיבְּט אַיין יוּדִין צוּ עֶסִין, עֶר הָאט אִים נִיט גִימָארְדֶעט נוּר דַארוּם וַוייל דֶער אבדואל וַואר אַיין שפאנישער רִיטֶער, אוּנ וַואר אַזוֹ בדעה צוּ לָאזִין אִים לֶעבִּין בִּיז עֶס וֶועט זִיךְ מַאכִין אַיינֶע אַלְגֶעמֵיינֶע אִידֶעשֶׁע מֶערְדֶערַייא דָארְט אִין יארק, דַאן וֶועט עֶר קֶענֶען אַריין רֶעכֶענֶען זַיין טוֹיט אוֹיךְ אוּנְטֶער זַייא אוֹיף דֶעם רֶעכֶענוּנְג פוּן דִי קְרֵייצְפַאהְרֶער. אוּנ צוּ אִים וֶועט מֶען נִיט הָאבִּין, דֶער וַוייל אָבֶּער מוּז עֶר לֶעבִּין, דֶען מֶען ווייס נָאךְ נִיט וִויא דִיא זַאכֶע וֶועט זִיךְ עֶנְדִין, נוּן לָאמִיר דָא לָאזִין אוּנְזֶערֶע גִיפַאנְגֶענֶע, אוּנ מִיר וֶועלִין אוּנְז אוֹיף אַקְלֵיינֶע וַוייל אוּם וֶוענְדִין צוּ דֶעם יאסען אוּנ צוּ דֶער גַאנְצֶער אִידֶעשֶׁע גֶעמֵיינְדֶע פוּן יארק.

וֶוער קֶען בֶּעשְׁרַייבִּין דֶעם שְׁרֶעק אוּנ דֶעם קִימֶער וָואס הָאט עֶרְגְרִיפִין דֶעם יאסען אוּנ דִיא יוּדִין פוּן יארק אַלְס זַייא זַיינֶען גֶעוָואר גֶעוָוארִין פוּן דִיזֶער בְּלוּטִיגֶע גֶעשִׁיכְטֶע. זַייא הָאבִּין אָבֶּער נִיט גֶעוואוּסְט דָאס הדסה אוּנ יאזעף זַיינֶען נוּר גִיפַאנְגֶען, זַייא הָאבִּין צוּרִיסִין אוֹיף זִיךְ דִיא קְלֵיידֶער אוּנ הָאבִּין גִיפַאסְט גַאנְצֶע דְרַייא טֶעג, אוּנ הָאבִּין אִין דִיא שְׁטִילֶע נֶעכְט גָאט גִיבֶּעטִין דָאס עֶר זָאל זַייא מציל זַיין פוּן דִיא קְרֵייצְפַאהְרֶערְס הֶענְט. דֶען זַייא הָאבִּין פוּן דִיזֶער בְּלוּטִיגֶע גֶעשִׁיכְטֶע זַייעֶר גוּט פֶערְשְׁטַאנֶען דָאס דִיא אוֹיבֶּערְקַייט וֶועט זִיךְ דָא שׁוֹין פַאר זַייא נִיט אָן נֶעמֶען. נוּן בְּלַייבְּט זַייא נִיט אִיבֶּערִיג מֶער נִיט וִויא דִיא גֶעטְלִיכֶע הִילְפֶע אַלֵיין, אוּנ הָאבִּין אַזוֹ פֶערְלֶעבְּט אַיינִיגֶע טֶעג אִין גְרוֹיס שְׁרֶעקֶענִיס, אוּנ אִין אַיינְגֶעטְלִיכֶען אוּם גֶעווִיסְהַייט, דֶען מֶען הָאט זִיךְ גֶערִיכְט אַלֶע וַויילֶע אוֹיף דִיא קְרַייצְפַאהְרֶער, אוּנ דִיזֶע אוּם גֶעווִיסְהַייט הָאט גֶעדוֹיעֶרְט בִּיז דֶעם זֶעכְצֶעהֶענְטִין מַארְט, דֶען אִין דִיזֶעם טָאג הָאט מֶען שׁוֹין גֶעהַאט אַיינֶע קְלָארֶע ידיעה דָאס דִיא קְרֵייצְפַאהְרֶער וֶועלִין אַריין פַאלִין קַיין יארק.

אוּנ דַאן הָאט יאסען גִיגֶעבִּין אַבֶּעפֶעל דָאס אַלֶע יוּדִין זָאלִין זִיךְ פוּן קְלֵיין בִּיז גְרוֹיס צוּזַאמֶען קְלַייבִּין אוֹיף דֶעם שׁוּל הוֹיף מִיט זַייעֶרֶע רֶעכְטֶע זַאכִין אוּנ מִיט אַלֶע נֵייטִיגֶע הצטרכות. אוּנ אַלֶע וַוארִין דָארְטִין שׁוֹין פֶערְזַאמִילְט בִּיז אַיין מֶענְטְשׁ, הָאט עֶר גִיהֵייסִין צוּ שְׁלִיסִין דֶעם בְּרָאם פוּן

נוּן זָאג מִיר וואוּ אִיז אִיר חתן דֶער יאזעף, דֶען אִיךְ בְּרוֹיךְ אִים אוֹיךְ צוּא
הָאבִּין. מַיין הֶער וִויל הָאבִּין דָאס דִיזֶער זָאל אוֹיךְ פֶערְשְׁווִינְט וֶוערִין פוּן דִיא
אִידֶעשֶׁע שְׁחִיטֶה וָואס עֶס וֶועט בַּאלְד גִישֶׁעהֶען «דִיזֶער יוּנְגֶער הֶער» הָאט
זִיךְ דִיא ווֵיינעטע אָפּ גֶערוּפִין, אִיז אִיצוּנְד בַּייא דֶעם יאסען אִין שְׁטוּבּ,
«נוּן דוּא אַלְטֶע קְרַאנְקֶע» הָאט זִיךְ דֶער אָפֶּעצִיר אָפּ גֶערוּפִין צוּ דִיא מוּטֶער
פוּן דֶער הדסה. שְׁרַייבּ אַצֶעטִיל צוּ אִים דָאס עֶר זָאל בַּאלְד קוּמֶען, אִיךְ
וֶוערְדֶע דִיזֶען צֶעטִיל אָפּ שִׁיקֶען צוּ אִים דוּרְךְ דִיזֶע ווֵיינעטע.

דִיא שפרה הָאט זִיךְ נִיט גֶעלָאזְט צְווַייא מָאל בֶּעטִין אוּנ הָאט עֶס
אוֹיף דֶער שְׁטֶעלֶע גֶעשְׁרִיבִּין, אוּנ וִויא דֶער אָפֶּעצִיר הָאט נוּר דֶעם צֶעטִיל
אַרוֹים בַּאקוּמֶען פוּן אִיר הַאנְט הָאט עֶר גִינֶעבִּין אַוואוּנְק צוּ זַיינֶע לַייט אוּנ
זַייא הָאבִּין אוֹיף דֶער שְׁטֶעלֶע עֶרְגְרִיפֶען דִיא הדסה מִיט דֶער אנא אוּנ
הָאבִּין זַייא בֵּיידִין אַרוֹים גֶעטְרָאגִין פוּן שְׁטוּבּ, אוּנ הָאבִּין זַייא אַרַיין גִילֵייגְט
אִין דֶער פַאר הַאנְגֶענֶע זֶענְפְּטֶע, אוּנ זַיינֶען וָואס צוּם גִיכְסְטִין אַוֶועק מִיט
זַייא, אוּנ דֶעם יאזעף אבדואל וָואס מֶען הָאט אִים שׁוֹין אִיבֶּער גֶענוּמֶען
אוֹיף דֶעם וֶועג, הָאט מֶען אִים אִין אַנְדֶערֶע זֶענְפְּטֶע אַוֶועק גִישְׁלֶעפְּט דֶעם
מוֹיל פֶערְבּוּנְדִין אוּנ זַייעֶר גוּט בֶּעוַואכְט, אוּנ דֶער נָאךְ הָאט מֶען דִיא
אַלְטֶע שפרה אַרַיין גִיזֶעצְט אַמֶעסֶער אִין הַארְצִין, אוּנ דִיא שְׁטוּבּ הָאט
מֶען אָנְגֶעצוּנְדִין, דַאמִיט עֶס זָאל נִיט בְּלַייבִּין אַמֶענְטְשׁ וָואס זָאל פוּן דִיזָער
גֶעשִׁיכְטֶע וָואס דֶער צֵיילִין, אוּנ וִויא דָאס הוֹיז הָאט אָנְגֶעהֵייבִּין נוּר צוּא
בְּרֶענֶען זַיינֶען אִיבֶּער גֶעפַאלִין אִיבֶּער אִיר הוּנְדֶערְטֶע רוֹיבֶּער אוּנ הָאבִּין
אַוֶועק גִישְׁלֶעפְּט גַאנְצֶע פֶּעק מִיט זַאכִין, קַאסְטִינְס מִיט זִילְבֶּערְנֶע גֶעשִׁיר,
סַאטוּלְקֶעס גָאלְד, עֶס וַואר אוּנְטֶער דִיא רוֹיבֶּער בַּאן גְרוֹיסֶע מֶערְדֶערַייא
גִישֶׁעהֶן, דֶען יֶעדֶער הָאט גֶעוָואלְט מִיט גְוַואלְד אָפּ גֶענֶעמֶען פוּן דֶעם אַנְדֶערִין
וָואס עֶר הָאט אַרַיין גֶעחַאפְּט, מֶען הָאט זִיךְ גֶעשְׁטָאכִין, אִין פַייעֶר זִיךְ
אַרַיין גֶעשְׁטוֹיסִין, אוּנ בִּיז טָאג אִיז נִיט גֶעבְּלִיבִּין פוּן דֶעם ברוכס הוֹיז קַיין
שָׂרִיד אוּנ קַיין פָּלִיט, אוּנ אַזוֹ אוֹיךְ פוּן זַיין גְרוֹיסִין פֶערְמֶעגִין, עֶס הָאבִּין
אִין דִיזֶען בְּלוּטִיגֶען רוֹיבּ גֶעהַאט אַטֵייל אוֹיךְ פִילֶע אֵיידֶעל לַייט.

נוּן לָאמִיר אוּנְז אַרוּם זֶעהֶען וואוּ הִין מֶען הָאט אַוֶועק גִישְׁלֶעפְּט
אוּנְזֶערֶע דְרַייא גִיפַאנְגֶענֶע. מֶען הָאט אַוֶועק גֶעטְרָאגִין נִיט אִין הִימֶעל אוּנ
נִיט אִין דֶער הֶעלֶע, נוּר אִין דֶער פֶּעסְטוּנְג אִיבֶּער וֶועלְכִין דֶער שאטעאוינרין
וַואר קַאמֶענְדַאנְט, אוּנ דִיזֶע גִיוָואפֶּענְטֶע-מֶענֶער וַוארִין עֶס גֶעשִׁיקְט נוּר
פוּן אִים, דָאךְ נִיט וִויא דֶער אָפֶּעצִיר הָאט גֶעזָאגְט אוּם צוּ רֶעטִירֶען זַייא
פוּן טוֹיט, נֵיין אוּם נוּר צוּ בַּאקוּמֶען דִיא הדסה וֶועלְכֶע עֶר הָאט גֶעלִיבְּט,



אונ

האט איר אויף דער שטעלע דיא מיר גיעפינט, עס איז אבער אריין אין שטוב פיל מעהר אלס דיא ווייגעטע, עס זיינען אריין מיט איר אין שטוב נאך צוועלף מענטשין אלע אן געטאן אין פאנצירען אונ געוואפינט ביז דיא ציין, אונ אויסער זייא זיינען נאך צוועלף מאן אזעלכע געבליבין שטיין אין דרויסין מיט אייגער זענפטע (דאס איז אמין נאסילקע וואס איז געמאכט האלב וויא אבעטיל האלב וויא אשטול וואס ווערין דארט געטראגין אין דעם גרויסע העריין אדער גרויסע דאמען).

«צו וועמען ברויכט איהר» האט זיא דיא אנא גיפרעגט זייער דער שראקין. «ניט צו אייך ליבע אנא» האט זיך דיא ווייגעטע אפ גירופין, «זייא ברויכין נור צו דער הדסה», אונ וועער האט זייא אהער געשיקט אום ווארום גייסטו מיט זייא» האט איר דיא אנא ווייטער גיפרעגט, «דאס וויים איך ניט פונקט וויא איר ווייסט ניט» האט זיא זייא גיענטפערט, זייא האבין מיר נור גיחאפט לעבין דעם יאסענס שטוב אונ האבין מיך אזו מיט גוואלד ערגריפען. אונ האבין פון מיר פערלאנגט דאס איך זאל זייא ווייזין דעם בענעדיקטוס שטוב אונ צייגין זייא וועער זיין טאכטער דיא הדסה איז «נון מיינע ליבע לייטע» האט אנא זיך אפ גערופין צו דיא הוזארין, עהרין זייא דיא דאמען אונ שטערין זייא ניט פון זייער רוהע איצונד, דאס דיא מוטער איז קראנק אונ דיא טאכטער זיצט איר בייא דער זייט, דער טייוויל זעלבסט שוינט אויך זעלבסט זיינע פאר משפטע ווען ער דער וויסט זייא נור אין אזו אטרויעריגע לאגע, «דוא ביזט איינע אלטע נאר» האט זיך אפ גערופין דער אפעציר זייערער, מיר זיינען ניט גיקומען אום איר בייזעס צו טאן אום נור איר צו רעטין, דען פערבלייבט זיא דא ביז טאג וועט זיא שוין אום קומען מיט אלע יודין צוזאמען. נון האט זיא אפריינד וואס וויל איר דאס לעבין דער האלטין, אונ דיזער האט אונז געשיקט צו ברייננגען איר צווא אים אין שלאס. נון צייגט מיר וועער דיא הדסה ווירקליך איז. נון האט אים דיא ווייגעטע באלד געצייגט וועער דיא הדסה איז, אונ אלס דער אפעציר האט געהייסין זיינע לייטע דאס מען זאל איר צווא גנעמען, איז געווארין אגרויסער לארעם פון דיא פרויען, אונ דיא אנא איז ארויף געפאלין אויף דיא הדסה אונ האט איר ארום גינומען מיט ביידע ארעמס אונ האט גיזאגט צו דעם אפעציר, «ניין זייא וועלין אונז ניט שיידין» שלעפין זייא אונז ביידין «אם בעסטין» האט זיך דער אפעציר אפ גערופין, פאר געווים ביזטו דאך אירע ווערטערין, אונ אזו אפערזוין ברויכט מיין הער צו האבין לעבין איר, ער דארף קיינע בעסערע אלס דוא וואס זיא איז שוין צו גיוואונט צו דיר,

18.

## „אוּמְלְגִיק אִיבֶּער אוּמְגְלִיק"

אונ דָאךְ הָאט נִיט אוֹיף גִיהֶערְט צוּ זַיין פֶערְזַאמְלוּנְג נָאךְ פֶערְזַאמְלוּנְג דָארְט בַּייא דֶעם יאסען אִין שְׁטוּבּ אוּם זִיךְ צוּ בֶּערַאטִין וִויא דִיזֶעס אַלֶעס קְלוּג אוּנ גִיהֶערִיג אוֹיס צוּ פִירֶען, וִויא צוּ פֶערְשַׁאפִין זִיךְ גִיוֶוער, גֶענוּג שְׁפַּייז. אַלֶין אִינְם גֶעהֵיים דָאס קֵיינֶער זָאל נִיט מֶערְקִין, אוּנ ווִידֶער אוּם צוּ הֶערִין פוּן דִיא אִידֶעשֶׁע שְׁפִּיאָנֶעס וואוּ דִיא קְרֵייצְפַאדְרֶער וֶוענְדִין זִיךְ. אונ וָואס זֶייא טְרַאכְטִין, בַּייא דִיא אַלֶע סֶעסְיָאנֶען הָאט נִיט גִיפֶעלְט דֶער יאזעף אבודאל, דֶען עֶר וַואר אַיין וֶועלְט מַאן, אוּנ הָאט זִיךְ פֶערְשְׁטַאנֶען אִין אַזֶעלְכֶע זַאכִין פִיל מֶעהְר אַלְס אַלֶע איינגעלשע יוּדֶען, אוּנ הָאט זֵייא מִימְגֶעטֵיילְט בַּייא יֶעדֶער סֶעסְיָאן מַאנְכֶע קְלוּגֶע רַאט, אוּנ הָאט צוּלִיבּ דֶעם מַאנְכֶע אָווִינְד זִיךְ נָאר פַאר גֶעסִין אָן זַיינֶער כלה הדסה וָואס פְלֶעגְט פִיל גֶעכְט קִימֶער צוּבְּרֵיינְגֶען בַּייא דֶעם בֶּעט פוּן אִיר קְרַאנְקֶע מוּטֶער אִין גִיזֶעלְשַׁאפְט פוּן דֶער אַלְטֶע אנא מערידיט וָואס אִיז אַהֶער גִיקוּמֶען פוּן אִיר שְׁטִילֶען וואוֹנוּנְג וָואס אִיז דָארְט אִין טִיפֶען וַואלְד אוּם נוּר צוּ בֶּעוֵויינֶען דִיא מלכה אוּנ צוּ טְרֵייסְטִין אִירֶע עֶלְטֶערִין, אוּנ אִיז אַזוֹ גֶעווָארִין דֶער וַוייכֶע אַיינֶע טְרַייֶע וֶועכְטֶערִין בַּייא דִיא קְרַאנְקֶע שפרה וָואס זִיא וַואר אִיר גוּט וִויא אִיר מוּטֶער.

נוּן וַואר אִין אַיינֶע פוּן דִיזֶע שְׁרֶעקְלִיכֶע נֶעכְט אַלְס דִיא דְרַייא פְרוֹיֶען וַוארִין פֶערְטִיפְט אִין זַייעֶר גֶעווֹאוֹנְלִיכֶען דַאמֶען גִישְׁפְּרֶעךְ אִין וֶועלְכִין עֶס וַואר גֶעלוֹיבְּט דִיא פֶערְצַייטִיגֶע יָארִין. אוּנ בַּאדוֹיעֶרְט דִיא אִיצְטִיגֶע צַייט וָואס מֶען אִיז אִין אִיר אַמִינוּט נִיט זִיכֶער מִיט דֶעם לֶעבִּין, הָאבִּין זֵייא דֶער הֶערְט אַיין קְלַאפִּין אִין טִיר, עֶס וַואר שׁוֹין דַאן אַרוּם צְוֶועלְפִין, „אָ דִיזֶעס קְלַאפִּין גִיפֶעלְט מִיר גָאר נִיט" הָאט זִיךְ דִיא קְרַאנְקֶע שפרה אָפּ גֶערוּפִין, דֶען פַאר אַיינֶעם פְרַיינְדְלִיכֶען בֶּעזוּךְ אִיז דִיא צַייט צוּ שְׁפֶּעט, אוּנ פַאר מַיין יאזעף אִיז דִיא צַייט נָאךְ צוּ פְרִיא, דֶען עֶר קוּמְט אַהֵיים עֶרְשְׁט אַרוּם גְרוֹיסִין טָאג, צְוֵייטִינְס אִיז דָאס קְלַאפִּין עֶפֶּעס צוּ גְרוֹיס אוּנ צוּ שְׁטַארְק, „עֶס מֶעג קְלַאפִּין וֶוער עֶס וִויל" הָאט זִיךְ דִיא אנא אָפּ גֶערוּפִין, „מֶען מוּז דָאךְ פְרֶעגִין אוּנ עֶפֶענֶען" אוּנ אוֹיף אִיר פְרַאגֶע „וֶוער אִיז עֶס" הָאט זִיךְ בַּאלְד אָפּ גֶערוּפִין אַיינֶע וַוייבֶּערְשֶׁע שְׁטִימֶע „אִיךְ וֵוייגֶעמֶע פוּן יאסען", אוּנ דָאס וַואר אַיינֶע דִינֶערִין וָואס הָאט וִוירְקְלִיךְ גִידִינְט בַּייא דֶעם יאסען אוּנ דִיא אנא הָאט אִיר בַּאלְד דֶער קָאנְט אָן דֶער שְׁטִימֶע דָאס זִיא אִיז עֶס, אוּנ

וֶוערט דֶער מִיט מֶער נִיט וִויא אוֹיף רֵייצִין דִיא קְרֵייצְפַאהְרֶער גֶעגִין זִיךְ .

אוּנ אַזוֹ וַואר פְּרָאיֶעקְטִירְט אַנַאנְצֶע נַאכְט אוּנ מֶען אִיז גֶעבְּלִיבֶּען נוּר בַּייא דֶעם פָּארְשְׁלָאג פוּן דֶעם יאסען , ווייל דֶער פְּרָאיֶעקְט וַואר דֶער קְלֵיינְסְטֶער אוּנ צוּ גְלַייךְ דֶער זִיכֶערְסְטֶער . אוּנ דֶער פְּרָאיֶעקְט אִיז בֶּעשְׁטַאנֶען אִין דֶעם , עֶרְשְׁטִינְס דָאס יֶעדֶערֶער פוּן דִיא יוּדִין זָאל אַרֵיין טְרָאגִין זֵיין זֶעקְסִיל וָואס עֶר הָאט אוֹיף דִי לָארְדִין , בַּארָאנֶען אוּנ בִּישׁוּפֶען אִין דֶער קַאטֶעדְרַאל אַרְכִיוֶוע (לְמָשָׁל וִויא בַּייא אוּנְז קַאזָאנֶע פַּאלַאטֶע) , דַאמִיט דִיא פַּאפִּירִין זָאלִין בְּלַייבִּין אוֹיף אִימֶער אוּנ אֵייבִּיג גִילְטִיג , דָאס דֶער שְׁפֶּעצְטֶער יוֹרֵשׁ זָאל קָאנֶען אַיין מָאנֶען דֶער מִיט דֶעם עֶלְטֶעסְטִין חוֹב , אוּנ וֶוען אִין פֶערְלוֹיף פוּן הוּנְדֶערְט יָאר וֶועט זִיךְ קֵיין יוֹרֵשׁ מֶעלְדִין גִיהֶערְט דִיזֶער חוֹב צוּ קַאזְנַא , אוּנ דִיזֶע פָארְזִיכְטִיגְקֵייט וֶועט זַיין אַיין פְּעוּלָה דָאס דִיא גְרוֹיסֶע לַייט זָאלִין נִיט מַאכִין אֵיין הַאנְט מִיט דִיא קְרֵייצְפַאהְרֶער וִויא דָארְט אִין דֶער שְׁטָאט שטאמפארט , אוּם דוּרְךְ דֶעם לוֹיז צוּ וֶוערִין פוּן דִיא גְרוֹיסֶע שׁוּלְדִין וָואס זֵייא וַוארִין שׁוּלְדִיג דִיא דָארְטִיגֶע יוּדִין , הֶען וָואס פַאר אַנוּצִין וֶועלִין זֵייא שׁוֹין הָאבִין דוּרְךְ דֶעם אוֹיס מָארְדִין דִיא יוּדִין וֶוען דֶער חוֹב בְּלַייבְּט אַחוֹב , פַאר קֶערְט נָאךְ קַאזְנַא וֶועט נָאךְ פִיל גִיבֶער אַיין מָאנֶען אַלְס דִיא יוּדִין זֶעלְבְּסְט , צְווֵייטְנְס זָאל זַיין יֶעדֶערֶער אַיין גֶעפַּאקְט בַּייא זִיךְ אִין דֶער הֵיים מִיט אַלֶע זַיינֶע טַייעֶרְסְטֶע אוּנ נֵייטִיגְסְטֶע זַאכִין , אוּנ זָאל זֶעהֶען אָן צוּ גְרֵייטִין שְׁפַּייז פַאר זִיךְ אוּנ פַאר זַיין פַאמִילְיֶע אוֹיף עֶטְלִיכֶע וָואכִין , אוּנ זָאל זִיךְ דֶער מִיט זַייעֶר שְׁטִיל אִין דִיא פִינְסְטֶערֶע נֶעכְט אִיבֶער טְרָאגִין אוֹיף דֶעם שׁוּל הוֹיף , ווייל מֶען וֶועט הָאבִין אוֹיס צוּ שְׁטֵיין אֵיינֶע לַאנְגֶע אוּנ שְׁווֶערֶע בֶּעלַאגֶערוּנְג , דֶען וִויא מֶען וֶועט נוּר הָאבִין אֵיינֶע הַאסְלֶע דָאס דִיא קְרֵייצְפַאהְרֶער צִיהֶען אַרַיין קֵיין יארק וֶועט מֶען זִיךְ צוּ מִיט נוּטִין צוּ מִיט גְוַואלְד אַרַיין וַוארְפִין פוּן דָארְט אִין דֶעם דָארְטִיגֶען פֶּעסְטוּנְג וָואס אִיז נִיט וַוייט פוּן שׁוּל הוֹיף אוּם אִיבֶער צוּ וַוארְטִין דָארְט דִיזֶע בֵּייזֶע צַייט בִּיז דִיא קְרֵייצְפַאהְרֶער וֶועלִין פָאר אִיבֶער צִיהֶען , דְרִיטֶענְס זָאל יֶעדֶערֶער הָאבִין בַּייא זִיךְ גֶעהֵיימֶע וַואפִין (גֶעוֶוער) , דֶען פִילַייכְט קוּמְט אוֹיס דָאס מֶען וֶועט זִיךְ דַארְפִין שְׁלָאגִין .

דִיזֶער פְּלַאן אִיז אָנְגֶענוּמֶען גֶעוָוארִין בַּייא אַלֶעמֶען אוּנ מֶען הָאט זִיךְ אָנְגֶעהֵייבִּין אַזוֹ צוּ צוּ בְּרֵייטִין דֶער צוּ זַייעֶר שְׁטַארְק .

מַייסְטֶער, אוּנ אִיז אַלְזוֹ פִיל מֶער תַּקִיף בַּייא אַלֶע שָׂרִים אַלְס אַנְדֶערֶע יוּדִין .

אוּנ דֶער יאסען הָאט עֶס גִיטָאן. עֶר אִיז גִיגַאנְגֶען צוּ דֶעם שאטעאויגרין, עֶר אִיז אָבֶּער זֵייעֶר קַאלְט אוֹיף גֶענוּמֶען גֶעוָוארִין פוּן אִים „נֵיין לִיבֶּער יאסען“ הָאט עֶר אִים גִיעֶנְטְפֶערְט, אִיךְ בִּין גִישִׁיקְט פוּן קִינִיג אַהֶער אוּם צוּ שִׁיצִין דִיא שְׁטָאט נוּר פוּן אֵיינֶעם פְרֶעמְדִין פַיינְד, אָבֶּער נִיט זִיךְ אַרַיין צוּ מִישִׁין אִין דֶעם אַלְטִין פְּרָאצֶעס וָואס אִיז צְוִוישִׁין יוּדִין אוּנ קְרִיסְטִין, אוּנ צְוֵויטֶענְס הָאבּ אִיךְ גִיהֶערְט דָאס אַייעֶרֶע יוּדִין רוּפִין דִיא קְרֵייצְפַאהְרֶער „הוּנְדֶע“ אוּנ פוּן הוּנְדֶע קֶען זִיךְ יֶעדֶערֶער אַלֵיין אָפּ וֶוערִין מִיט אֵיינֶעם גוּטִין שְׁטֶעקִין, אוּנ ווִידֶער וֶוער זָאגְט עֶס אַייךְ דָאס דִיא קְרֵייצְפַאהְרֶער הָאבִּין עֶס גָאר בְּדֵעָה צוּא טָאן, אִיךְ פַאר זִיכֶערֶע אַייךְ דָאס זֵייא וֶועלִין זִיךְ נִיט חַאגֶען צוּא טָאן דָאס זֶעלְבִּיגֶע אִין יארק וָואס זֵייא טוּעֶן אִין דִיא קְלֵיינֶע שְׁטֶעט, אִין דִיזֶעם רֵיידֶענְדִיג הָאט עֶר אוּם גִידְרֵייט דֶעם רוּקִין צוּא אִים אוּנ אִיז אַרַיין אִין זַיין לֶעצְטִין צִימֶער אוּנ צוּא לִינְקֶענְדִיג דִיא טִיר הָאט עֶר אִים צוּא גִיוָוארְפִין נָאךְ דִיזֶע עֶטְלִיכֶע וֶוערְטֶער „וָואס בְּרוֹיכְט אִיר מַיינֶע הִילְפֶע אִיר הָאט דָאךְ בַּייא אַייךְ אֵיינֶען יוּדִין אַיין שְׁפַּאנִישִׁין רִיטֶער, דַיין חתן, אָ זָאל אַייךְ דִיזֶער שִׁיצִין פוּן דִיא קְרֵייצְפַאהְרֶער“ דִיזֶע וֶוערְטֶער הָאט זֵייעֶר גִיקְרֵיינְקְט דֶעם יאסען וָואס עֶר הָאט פוּן אִים כמה וכמה מָאל מקבל טוֹבָה גִיוֶועֶן, הֵן אִין גֶעלְט זַאכִין אוּנ הן אִין פַאר וֶוענְדִין זִיךְ פַאר אִים בַּייא דֶעם מִינִיסְטֶער זאליסבּוּריא, בַּייא דֶער קִינִיגִין אוּנ בַּייא דֶעם אַלְטִין הֵיינְרִיךְ זֶעלְבְּסְט. דָאס זַיינֶע גַאנְצֶע גדלות הָאט עֶר גִיהַאט צוּ פַאר דַאנְקֶען נוּר אִים, דֶען עֶר וַואר אַיין אָרֶעמֶער אָפִיצִירִיל וָואס הָאט נִיט גִיהַאט אוֹיף שְׁטִיוֶועל, אוּנ דֶער יאסען הָאט אִים מקרב גִיוֶועֶן נוּר אוֹיס רַחֲמָנוּת אַלְס עֶר אִיז אַיין גִישְׁטַאנֶען אוֹיף קְוַואטִיר בַּייא אִים אִין הוֹיף, אוּנ הָאט שׁוֹין בַּייא זִיךְ גֶעטְרַאכְט. אָ וָואלְט אִיךְ נִיט דַארְפִין אָפּ פָארִין פוּן דַאנֶען דַאן וָואלְט אִיךְ אִים שׁוֹין דוּרְךְ דִיא זֶעלְבִּיגֶע טְרֶעפּ אַרוּנְטֶער גֶעפִירְט דוּרְךְ וֶועלְכֶע אִיךְ הָאבּ אִים אַרוֹיף גֶעפִירְט.

אוּנ דַאהֶער אַלְס דֶער יאסען אִיז גֶעקוּמֶען אַהֵיים צוּרִיק הָאט עֶר גֶעלָאזְט מַאכִין בַּייא זִיךְ אַגְרוֹיסֶע פֶערְזַאמְלוּנְג אוּנ הָאט דָאס גֶעמֵיינְדֶע פָארְגִישְׁטֶעלְט וִויא טְרוֹיעֶרִיג עֶס אִיז זֵייעֶר לַאגֶע. מֶען הָאט זִיךְ בֶּערַאטִין דָארְטִין אַגַאנְצֶע נַאכְט, אַטֵייל הָאבִּין גֶערַאטִין דָאס מֶען זָאל שׁוֹין בַּאצַייטִין אַנְטְלוֹיפִין. נוּן אִיז דִיא פְרַאגֶע וואו הִין זָאל מֶען לֵייפִין? אַטֵייל ווִידֶער הָאבִּין גֶערַאטִין דָאס מֶען זָאל זִיךְ בֶּעוָואפֶענֶען אוּנ שְׁטֵיין פַארְטִיג אִין רֵייהֶע אוּנ גְלִיד (אִין פְרוּנְט), קְלִיגֶערֶע אָבֶּער הָאבִּין אָפּ גֶערַאטִין דֶער פוּן וַוייל מֶען

גיוועזען דעם ברוך זיין טויט, דאס ער האט געצווינגען נאך דעם קוים צווייא וואכען, אונ האט נאך געהאט דער צו דאס אומגליק געוואר צו ווערען פאר זיין טויט פון ליאנגער גזירה, וואס האט געהאט איין גרויסען שייכות אויף דיא איינגעלשע יודען, אונ האט דאהער אין זיין לעצטע שטונדען באשווארען דעם יאזעף אבודעל דאס ער זאל באלד נאך זיין טויט אפ ציהען פון דיזער לאנד מיט זיין כלה אונ מיט זיין שווינגער שפרה, אונ מיט דעם יאסען אונ זיין פרויא נאך שפאניען.

אונ אלס ער איז געשטארבען האט ער איבער געלאזען דיא אידישע געמיינדע אין איינגלאנד וויא עלענדע יתומים, דען ער וואר ביז אהער זייער איינציגער בעשיצער אונ מגין וועיל ער וואר איין גרויסער חשוב ביי אלע לארדען אונ מיניסטארען, אונ האט מיט זיינע מליצות אפ גיווענדעט גרויסע אומגליקען פון זייערע הייפטער. נון איז ער זייא אפ גישטארבען אין אזו אטריבע צייט וואס ער וואר זייא אם נייטינגסטען אונ איז דאהער געווארען פון זייא באוויינט אונ באדויערט אין אלע קהלות.

אונ עס וואר אלס דיא טרויער טעג פון זיין שטארבען זיינען איבער גינאנגען, אונ דער יאסען מיט דעם יאזעף האבען זיך אנגעהייבען צווא צו קלייבען צו זייער רייזע נאך שפאניען מיט גרויס איילע, וועיל דיא אידעשע לאנגע האט זיך אנגעהייבען צו פאר שלימערען דארט פון טאג צו טאג. איז קראנק געווארען דיא שפרה דיא מוטער פון דיא הדסה דאס עס וואר איר שוין גאר אום מעגליך מיט איר צו רייזען, אונ צוליב איר האט זיך אפ גישטעלט דיא גאנצע פאמיליע, אונ האבען זיך אזו פערזאמט אין יארק ביז עס האבען זיך אנגעהייבען צו ריהען דיא קרייצפאהרער אום צו ציהען קיין ירושלים געגען דעם סאלאדינען, אונ האבען בעגאנגען גרויסע רציחות אין יעדער קליין שטעטיל דורך וועלכע זייא זיינען דורך גינאנגען, דאהער זיינען דיא יודען פון דיא קליינע שטעט אנטלאפען קיין יארק וועיל זייא האבען געמיינט דארט צו געפינען שוין ביי דיא דארטיגע נאצייאלסטווא, באלד אבער האט זיך אנגעהייבען צו הערען דאס דיא קרייצפאהרער האבען בדעה איבער צו פאלען אויך איבער דיא יודען פון יארק, נון וואר יארקער גימיינדע זייער צו שראקען, אונ האבען אזו גיבעטען דעם יאסען דאס ער זאל בעטען דעם קאמענדאנט שאטעאוינרען דאס ער זאל מעהר סאלדאטען אריין נעמען אין שטאט אום צו שיצען זייא געגען דיא קרייצפאהרער, אגב האט דער רב ר׳ נחום באשווארען דעם יאסען דאס ער זאל אין דיזער קריטישע צייט גאר ניט דיינקען פון אפ פארען, דען ער איז דאך קיניגליכער שאין

עֶס אִים אַזוֹ אוֹיף דֶער שְׁטֶעלֶע פֶערְשְׁפְּרָאכִין , אוּנ בַּאלְד דַארוֹיף זַיינֶען אַרַיין דִיא גַאנְצֶע פַאמִילְיֶע אוּם צוּ גְרַאטוּלִירֶען אִים , עֶס זַיינֶען גִיקוּמֶען אוֹיךְ דִיא עֶלְטֶערִין פוּן דִיא מלכה , יאסע אוּנ זַיין פְרוֹיא עכסה אוּנ הָאבִּין זֵייעֶר אַיינְוִוילִיגוּנְג דֶער צוּ גִיגֶעבִּין אוּנ אוֹיךְ זֵייעֶר בְּרָכָה , עֶס וַואר דָארְטִין פְרֵיידִין גֶעמִישְׁט מִיט לֵיידֶען , דֶער וַוײלֶע אִין דִיזֶען טְרוֹיעֶרִיגִין פְרֵיידֶען גֶעטוּמֶעל אִיז דֶער שאטעאויגרין אַוֶועק פוּן שְׁטוּבּ נִיט זָאגֶעדִיג גוּט נַאכְט אוּנ נִיט גְרַאטוּלִירֶענְדִיג , דָאס עֶס וַואר זֵייעֶר לַייכְט צוּ פֶערְשְׁטֵיין דָאס עֶר אִיז אַוֶועק פַאר בֵּייזְט אוּנ הֶעכְסְט אוּנצוּפְרִידִין , דִיא אוּרְזַאכֶע דֶער פוּן קֶענֶען זִיךְ שוֹין מַיינֶע לֶעזֶערִין פוּן זֶעלְבְּסְט מֶערְקִין .

17.

„טְרוֹיעֶר אִיבֶּער טְרוֹיעֶר"

נָאךְ אִיז קֵיינֶע פֶערְלָאבּוּנְג (תְּנָאִים) אִין דֶער וֶועלְט גֶעמַאכְט גֶעוָוארִין מִיט אַזוֹ אַבֶּעטְרִיבְּטֶען גֶעמִיט וִויא דִיזֶע פוּן דֶעם יאזעף מִיט דֶער הדסה . עֶרְסְטִינְס וִויא אוֹיךְ יאסען אוּנ זַיין פְרוֹיא הָאבִּין צוּ דֶעם שִׁידוּךְ אַיינְגֶעוִוילִיגְט מִיט זֵייעֶר גַאנְצִין הֶערְצִין , דָאךְ הָאט מֶען עֶס זֵייעֶר לַייכְט גִימֶערְקְט דָאס עֶס וַואר זֵייא זֵייעֶר טְרוֹיעֶרִיג צוּ זֶעהֶען דָאס דֶער חתן פוּן זֵייעֶר טָאכְטֶער וָואס אִיז זֵייעֶר גַאנְצֶער הָאפֶענוּנְג , אוּנ וָואס עֶר וַואר בֶּעשְׁטִימְט פַאר אִיר פוּן אִיר קִינְדְהַייט אָן גֶענוּמְט שוֹין אֵיינֶע אַנְדֶערֶע , צְוֵייטִינְס וַואר זֵייעֶר טָאכְטֶער שוֹין אַזוֹ אוֹיף דֶער גֵיינֶע דָאס מֶען אִיז גִישְׁטַאנֶען מִיט לִיכְט אַרוּם אִיר , דְרִיטֶענְס וַואר דֶער ברוך אַלֵיין אוֹיךְ זֵייעֶר גִיפֶערְלִיךְ דָאס עֶר הָאט גֶעמוּזְט אִין דֶעם זֶעלְבִּיגִין טָאג שוֹין שְׁרַייבִּין אַצַוָואָה , פִירְטֶענְס וַואר מֶען אִין שְׁטוּבּ הֶעכְסְט אוּנְרוּהִיג וָואס דֶער שאטעאויגרין אִיז אַוֶועק פוּן דָארְט בֵּייז , דֶען מֶען הָאט גֶעוואוּסְט דָאס עֶר אִיז אַיין מֶענְטְשׁ פוּן שְׁלֶעכְטִין חַארַאקְטֶער . נוּן לוֹינְט נִיט צוּ הָאבִּין אִים פַאר אַשׂוֹנֵא אִין דִיזֶער טְרִיבֶּער צַייט , אוּנ עֶס וַואר דָארְט אַזוֹ קִימֶער אִיבֶּער קִימֶער .

אוֹיף מָארְגִין נָאךְ הדסעס תנאים אִיז מלכה גֶעשְׁטָארְבִּין , זִיא הָאט נָאךְ גִינָאסִין פַאר אִיר טוֹיט דִיא טְרוֹיעֶר פְרֵיידֶע צוּ זֶעהֶען דָאס הדסה אִיז גֶעוָוארִין יאזעפס כלה , אוּנ הָאט נָאךְ אַזוֹ גָאר דָאס גְלִיק גֶעהַאט צוּא גְרַאטוּלִירֶען זֵייא פַאר אִיר טוֹיט , הָאט זֵייא גִיקוּסְט אוּנ הָאט אִין זֵייעֶרֶע אָרֶעמְס אִיר לֶעבִּין אוֹיס גֶעהוֹיכְט , דִיזֶע טְרוֹיעֶרִיגֶע שְׁצֶענֶע הָאט מְקַרֵב

דיא דַאמָאלְדִיגֶע פָּאלִיטִיק , אוּנ דֶער שאטעאוינרין הָאט אִים גֶעווִיזִין אַבְּרִיף װֶעלְכִין עֶר הָאט אָקָארְסְט בַּאקוּמֶען פוּן לאנדאן אִין װֶעלְכֶעס מֶען שְׁרַייבְּט אִים דָאס דֶער קִינִיג אִיז אָפּ גֶעפָארִין פוּן לאנדאן קַיין נארמאנדיא װֶעגִין אַיין נַייֶעם קְרִיג װָאס הֵייבְּט זִיךְ אָן צְווִישִׁין איינגלאנד אוּנ היינריך דֶעם פֶּערְטִין קֵייזֶער פוּן דַייטְשְׁלַאנְד , װֶעגִין דֶער אִינְזֶעל זִיצִילְיֶען . אוּנ וִוידֶער דָאס עֶס הֵייבְּט זִיךְ שׁוֹין אָן דִיא קְרַייצְצִיגֶע צוּ גֵיין פוּן איינגלאנד דוּרְךְ פראנקרייך קַיין טירקייא , „אוּנ דָאס אִיז אֵיינֶע בֵּייזֶע נַאכְרִיכְט פַאר אוּנְז“ הָאט זִיךְ דֶער ר׳ נחום אָפּ גֶערוּפִין , שַׁארֶע דָאס אִין אַזוֹ אַיין בֵּייזֶע צַייט זָאל דֶער קִינִיג אוּנְזֶער אֵיינְצִיגֶער בֶּעשִׁיצֶער נִיט זַיין אִין דֶער הֵיים , אָ וִויא לַייכְט אִיז עֶס דָאס אֵיינִיגֶע בְּרָאדְיַאגֶעס זָאלִין וִוידֶער אוֹיף הֶעצִין דֶעם נַארָאד גֶעגִין דִיא אִידֶעשֶׁע גֶעמֵיינְדֶע , נוּן דַאן אָן דֶעם קִינִיגְס זַיין זַיינֶען מִיר דָא אִין לַאנְד וִויא פֶּערְלָארְנֶע שָׁאף , „אָ לִיבֶּער הֶער רַאבִּינֶער“ הָאט זִיךְ דֶער רִיטֶער אָפּ גֶערוּפִין , נוּן מַאכְט אִיר אוּנְז דָאךְ אַלְעֶמֶען צוּא שַׁאנְדֶע . דֶען וִויא אִיר זָאגְט זָאל שׁוֹין אִין גַאנְץ איינגלאנד אוֹיסֶער דֶעם קִינִיג נִיט אַיין רֶעכְטֶער מֶענְטְשׁ זַיין , זַיינֶען מִיר עֶס אַלֶע מֶערְדֶער אוּנ רוֹיבֶּער װָאס וֵייסִין פוּן קַיין רֶעכְט נִיט , „דָאס קֶען מֶען נִיט זָאגִין“ הָאט דֶער רַאבִּינֶער גִיעֶנְטְפֶערְט , דָאךְ גִיט עֶס הִיר נָאךְ גַאנְץ וֵוייניג װָאס וִוילִין גִירֶעכְט הַאנְדְלֶען גֶעגִין אַיין יוּדִין , דֶען לֵיידֶער הָאבִּין מִיר שׁוֹין אַזֶעלְכֶע פְּרָאבִּין דֶער לֶעבְּט צוּ זֶעהֶען בַּייא יֶעדֶער קְרֵייצִיגֶע , דָאס זֶעלְבְּסְט אַייֶערֶע פְּרִיבְּסְטֶע הָאבִּין אוֹיךְ דֶעם נַארָאד גֶעהֶעצֶעט גֶעגִין דִיא יוּדִין , אוּנ װָאס פֶּעלְט אוּנְז דִיא שְׁרֶעקְלִיכֶע נַאכְט װָאס וַואר אִין לאנדאן . אָ װָאלְט אוּנְז דֶער קִינִיג נִיט גֶעשִׁיצְט דַאן װָאלְט אִיר אוֹיךְ גֶעשְׁווִיגֶען , „אָ בֶּעהִיטֶע גָאט“ הָאט זִיךְ דֶער שאטעאוינרין אָפּ גֶערוּפִין , װֶען עֶס זָאל זִיךְ טְרֶעפִין אַזוֹ אַגֶעשִׁיכְטֶע דָא אִין יארק װֶערְדֶע אִיךְ אַייךְ אַזוֹ גוּט שִׁיצֶען וִויא דֶער קִינִיג אִין לאנדאן , אוּנ אוֹיס בֶּעזָארְגְנִיס פַאר דֶעם לֶעצְטִין פַאל הָאבּ אִיךְ גֶעלָאזְט דָא אוֹיס בֶּעסֶערִין דֶעם פֶעסְטוּנְג .

אוּנ אַזוֹ אִיז דָארְטִין גֶעשְׁפְּרָאכִין גֶעוָוארִין וַוייטֶער אִיבֶּער רֶעלִיגְיָאן זַאכִין , אוּנ דָאס אִיז אַזוֹ אַגִישְׁפְּרֶעךְ װָאס װָאלְט קַיין גַאנְצֶע גֶענוּמֶען דֶער וֵוייסְט בִּיז וִויא לַאנְג , װֶען עֶס װָאלְט נִיט אַרַיין גִיקוּמֶען דֶער יאזעף אבודעל מִיט אַבְּרִיף פוּן זַיין פָאטֶער דָאס עֶר עֶרְלוֹיבְּט אִים צוּ נֶעמֶען דֶעם ברוכס טָאכְטֶער , אוּנ הָאט אַזוֹ פֶערְלַאנְגְט פוּן דֶעם ברוך אִין דֶעם בַּייא זַיין פוּן דֶעם רַב אוּנ פוּן דֶעם רִיטֶער דָאס עֶר זָאל אִים גֶעבִּין זַיין הדסה פַאר אַווַייבּ . אוּנ דָאס הָאט דֶעם ברוך זֵייעֶר עֶרְפְרֵייט , דֶען עֶס הָאט זִיךְ אִים גָאר נִיט גֶעגְלוֹיבְּט דָאס דֶער פָאטֶער זָאל עֶס אִים גָאר אַמָאל עֶרְלוֹיבִּין , אוּנ הָאט

עס ניט ארויס צו רעדין אזו לאנג ער מיינט דאס איך װעל נאך לעבין , דען ער איז אמאן פון גרויסין געוויסין . נון װערדע איך אים באלד פאר דיינע אויגין בעפרייען פון מיר . "אונ וואס װעלין דיינע עלטערין זאגין צו דיזער געשיכטע" האט איר דיא הדסה גיפרעגט . מיינע עלטערין האט זיא זיך אפ גערופין , זיינען שוין אזו גוט וויא פאר בדייטעט פון מיר דארויף , אונ וויא איך פערשטייא װעלין זייא זיין זייער צופרידין דאס דער יאזעף װעט ניט פאר פרעמט װערין , אונ בפרט דאס דוא הדסה ביזט זייא ליב וויא איך .

נון האט זיא געוואלט לאזין שוין דעם יאזעף אריין רופין צו זיך , זיא איז אבער געווארין זייער שוואך , דען עס האט איר אנגעגריפען דיזער גישפרעך , אונ האט גיבעטין דאס מען זאל איר לאזין רוהען אווײלע אונ איז אזו איין גישלומערט , אונ האט געשלאפין איינען זיסען שלאף וואס זיא האט עס שוין לאנג ניט גענאסין . אונ האט זיך ערוואכט ערסט געגין טאג גאנץ ערקוויקט אונ געשטארקט , אונ האט דאן געלאזין אריין רופין צו זיך דעם יאזעף , אונ האט אים פאר געלייגט דיזען פראיעקט מיט זייער קלוגע װערטער , װען איך בין ניט װערט פון גאט האט זיא צו אים גיזאגט , דאס דוא זאלסט זיין מיינער , אט זאל זע מיר זיין פערגונען צום וויינינגסטין דיזער טראסט , צו וויסען פאר מיין שיידין פון אייך דאס דוא גיהערסט שוין צו מיין פריינדין הדסה , דאס זעלביגע ווינטשען אויך מיינע עלטערין , אונ פערגעוויס װעלין עס דיר דיינע עלטערין אויך ערלויבין . איך רייד עס ווייל איך ווייס דאס איר זייט גיניינט איינער פאר דעם אנדערין , נון פאר שפרעך עס מיר מיין טייערער יאזעף , אונ לאז מיר דיזע פריידין מיט זיך אין גראב נעמען .

נון פערשטייט זיך דאס יאזעף האט ניט געהאט וואס איין צו װענדין דער בייא , אונ האט עס איר באלד פערשפראכין מיט נאסע אויגין , אונ האט אזו געשריבען באלד דאריבער צו זיינע עלטערין .

אין דיזע צייטין וואר דער ברוך זייער שלאף אין גיזונט , ערסטינס פון דיא קלעפ וואס ער האט באקומען דארטין אין לאנדאן , צווייטינס וואר ער שוין איאר זיבעציג . נון איז גיקומען דער רב מבקר חולה זיין אים , דיזער רב האט גיהייסין ר' נחום , ער וואר אגרויסער למדן . אדאקטער , אונ דער צו נאך גרוים געבילדעט אין אנדערע חכמות . איין װעלט מאן , אשיינער פערזאן , קוים פופציג יאר אלט , נון האט זיך געמאכט דאס ער האט דארט אנגעטראפין מיט דעם ריטער שאטעאויגרין , נון פערשטייט זיך דאס עס איז דארט געווארין אגרויסער גישפרעך אונטער זייא איבער

דיא

זעלבסט דיא עלטערין אירע מיט איר ניט ריידין, דען איין מיידכען הערץ פאר שטייט זיך אויף דאס אנדערע מיידכענס הערץ פיל בעסער אלס אלע אנדערע, א זיא איז מיר ליב, זיא איז מיר זיס, איר גליק איז מיר טייער וויא מיין איינענער גליק, זיא וויים דאס איך ווערדע איר צו גוטין ראטין אונ זיא ווערט מיר פאלגין, נון טוט מיר מיין גיפעלין אונ שיקט איר אריין צו מיר.

דיזער גישפרעך האט דיא עלטערין זייער צו בראכין, דען זייא האבין זייער גוט פערשטאנען וואו אירע ווערטער צילין, אונ זיינען ארויס פון איר מיט נאסע אויגין אונ האבין איר באלד אריין געשיקט דיא הדסה, וויא נייט עם מלכה, האט זיא איר גיפרעגט מיט איינער פרייליך גמאכטע מינע.

»ווי׳ איינער וואס דארף זיך איבער קלייבין פון איין וועלט אין דיא אנדערע וועלט« האט איר מלכה גיענטפערט מיט איינעם טיפין זיפץ, נון זעץ דיר לעבין מיר, דען איך האב וואס צו ריידין מיט דיר, פיל מעהר צו ריידין אלס מיינע קרעפטין פאר מעגין, דאך דיר וועט איין עטוואס אויך גענינגענד זיין, הערע הדסה, דיא אורזאכע פון מיין אומגליק איז דיר באקאנט אונ בעוואוסט נאך פיל מעהר אלס מיינע עלטערין, נון לאז מיך דיר דינען דער מיט פאר איין ביישפיל. זאיי וויסין דאס דער שאטעאויגרין איז וויא איך פערשטייא פון דיינע רייד איז אין דיר פערליבט, נון גאט וויים מיט וואס דאס קען זיך ענדין, נון איז מיין ראט דאס דוא זאלסט בעצייטין זיך דער פון רעטין, אונ דיזעס קען אנדערס ניט גישעהען וויא נור דורך איינעם געשווינטין הייראט, »אונ מיט וועמען האט איר דיא הדסה גיפרעגט זייער האסטיג« מיט מיין חתן יאזעף אבודעל האט איר דיא מלכה גיענטפערט, דען צו איך וועל לעבין צו איך וועל שטארבין, ער וועט שוין מיין חתן ניט זיין, דען איך בין אים ניט ווערט, אונ צווייטינס איין הערץ קען נור איין מאל ליבען אבער ניט צווייא מאל, איך וויים דאס איר פאסט איינער פאר דעם אנדערין אונ האט אייך צו גלייך ליב, נון ליבע הדסה לאז מיר דיזע מציאה אויס פירען פאר מיין טויט צו געבין דיר אמאן וואס האט ניט דעם צווייטין צו זיך, אונ פערגין מיר דיא פריידע צו וויסען דיך גליקליך פאר מיין שטארבין, דען איך ליבע דיך הדסה אונ פערגינע אזו דיזען יאזעף קיינע אנדערע אלס דיר.

»אונ פון וואנען ווייסטו דאס דער יאזעף ליבט מיר«? האט איר דיא הדסה גיפרעגט, א ליבע הדסה האט זיא איר גיענטפערט, איך פערשטייא מיך אויף דיא ליבע פיל מעהר אלס דוא, איך לעזע אין דיא שטומע בליקין פון דיזען יאזעף דאס ער איז העכסט איינגענאמען פאר דיר, ער וואגט

שְׁטֶעלֶע", פֶערְגֶעוִוים אִיז עֶס פַאר אִים מֶעהְר אֵיינֶע שְׁטְרַאפֶע אַלְס אֵיינֶע לֵיינוּנְג, אוּנ דָאךְ אִיז עֶס נָאךְ צוּ וֶוענִיג פַאר אִים דֶען עֶר פֶערְדִינְט נָאךְ אַנְדֶערֶע שְׁטְרַאפֶע פַאר זֵיין אוֹיס פְּלוֹידֶערְן פַאר דִיא קֶענִיגִין ריכארדס לִיבֶּע צוּ . . . דוּא הָאסְט רֶעכְט מַיין קִינְד, הָאט זִיךְ דֶער יאסען אָפּ גֶערוּפְן, דֶען עֶס אִיז אַרוֹיס צוּ זֶעהֶען דָאס עֶר אִיז עֶפֶּעס אִיצוּנְד אִין גְרוֹיס אוּנְגֶענַאדֶע בַּייא דֶעם נַייֶעם קֶענִיג, הֶען צַייט עֶר אִיז דָא אִיז עֶר אַלְץ וִויא אוּנְטֶערְן וַואַנְט, "נוּן פְרֶעג אִיךְ אַייךְ" הָאט זִיךְ מלכה אָפּ גֶערוּפְן, וָואס גֵייט עֶר דָא אַלְץ צוּ דֶעם ברוך אִין שְׁטוּב, "וִויא עֶס שַׁיינְט הָאט אִיר דֶער פָּאטֶער גִיגֶענְטְפֶערְט", וַוייל עֶר מֵיינְט צוּ פֶערִיכְטִין דוּרְךְ דֶעם ברוך זַייעֶר פִיל זַיין שְׁטַאנְד בַּייא דֶעם קֶענִיג, דֶען דֶער ברוך אִיז דָאךְ אַגְרוֹיסֶער תַּקִיף בַּייא דֶעם זאליסבוריא, אוּנ דֶער זאליסבוריא אִיז בַּייא דֶעם קֶענִיג מֶעהְר אַלְס אַיין פָּאטֶער, "אוּנ אִיךְ מֵיין" הָאט זִיךְ דִיא מלכה אָפּ גֶערוּפְן מִיט אֵיינֶער שְׁוַואכֶע שְׁטִימֶע, דָאס אִיךְ לִיגֶענְדִיג אִין בֶּעט פֶערְשְׁטֵייא דִיא זַאךְ בֶּעסֶער אַלְס אִיר. אִיר זָאלְט וִויסִין דָאס דִיא בֶּעזוּכֶע פוּן דִיזֶעם גְעלַאנְטִין הֶערִין גִילְט מֶער דֶער טָאכְטֶער אַלְס דֶער פָּאטֶער, אִיר זָאלְט וִויסִין וִויא מֶען וֶועט עֶס נִיט בַּייא צַייטִין פֶערְהִיטֶען וֶועט אַיין צְווייטֶער אוּנְגְלִיק גִישֶׁעהֶען.

"אָ לִיבֶּעס קִינְד" הָאט זִיךְ דִיא מוּטֶער אָפּ גֶערוּפְן, דִיזֶער יוּנְגֶער הֶער מֶעג עֶס פִילַייכְט מֵיינֶען, דִיא הדסה אָבֶּער אִיז אַיין אוּנְשׁוּלְדִיגֶעס קִינְד, גַיין עֶס וֶוירְד דָא צוּא בֵּייזֶעס נִיט קוּמֶען, "גַיין זָאג עֶס נִיט לִיבֶּע מוּטֶער" הָאט דִיא מלכה גִיעֶנְטְפֶערְט, אִיךְ וַואר אוֹיךְ אַמָאל וִויא דִיא הדסה גַאנְץ פְרוּם, אוּנ פִילַייכְט נָאךְ קְלִיגֶער פַאר אִיר אוּנ בִּין דָאךְ נִבְשַׁל גֶעוָוארִין, דֶען דִיא פַייל פוּן דֶער לִיבֶּע אִיז זַייעֶר שַׁארְף אוּנ פֶערְוואוּנְדֶעט זַייעֶר שְׁנֶעל אוּנ לַייכְט אַיין מֵיידְכֶען הֶערְץ, שִׁיצֶע אוּנְז גָאט פוּן אֵיינֶער פַארְזוּכוּנְג, אוּנ בִּפְרַט דָאס דִיא הדסה הָאט מִיר דֶער צֵיילְט דָאס דֶער רִיטֶער הָאט אוֹיגֶען נוּר פַאר אִיר אַלֵיין, אוּנ זוּכְט אוֹיס צוּא קוּמֶען אַהִין אִין שְׁטוּב גְרַאדֶע אִין דִיא שְׁטוּנְדִין וָואס דִיא עֶלְטֶערִין זַיינֶען אִין דֶער הַיים נִיט דָא, זִיא זָאגְט אֲפִילוּ דָאס זִיא לַיידֶעט אִים נִיט, דָאךְ אִיז עֶס מֶער נִיט וִויא גִיזָאגְט, אוּנ צְווייטִינְס אִיז עֶס נָאךְ צַייט צוּ פַאר הִיטִין, נוּן מַיינֶע לִיבֶּע טָאכְטֶער, הָאט זִיךְ דֶער פָּאטֶער אָפּ גִירוּפְן צוּא אִיר. ווִילְסְט דוּא דָאס מֶען זָאל דִיזֶען גְרוֹיסִין מַאן פַאר וֶוערִין צוּא גַיין צוּ דֶעם ברוךְ אִין שְׁטוּב, נִיט פַאר נֶעם דָאס עֶר אִיז דָאךְ קָאמַאנְדַאנְט אִין אוּנְזֶער שְׁטָאט, "דַאהֶער אִיז מַיין פַארְלַאנְגֶען" דָאס אִיר זָאלְט מִיר אַלְס אִיר וֶועט אַרוֹיס גַיין פוּן מִיר אַרַיין שִׁיקִין אַהֶער דִיא הדסה וָואס אִיךְ וֶועל שׁוֹין מִיט אִיר רֵיידִין דָאס קֶענֶען

קיינע מענטשליכע פריידין אונ ליידין מאכין איר געזעצליכען לויף ניט געשטוינטער אונ ניט לאנגזאמער, איז זיך אין יארק איבער גיגאנגען פון הערבסט אין ווינטער, אונ דער ערסטער שנייא אונ צו גלייך אויך דער ערסטער פראסט האט זייער שטארק געווירקט אויף די מלכה'ס געזונדהייט אזו ווייט דאס זיא האט שוין געוואוסט ביי זיך אויף קלאר דאס איהרע טעג זיינען שוין גאנץ ווייניג, אונ דאס איר לעבין אין דיזער וועלט וועט שוין זיין פון קורצעם דויער, אונ האט דאהער פערלאנגט אין איין געוויסין טאג דאס אירע עלטערין זאלין צו איר אין צימער אריין קומען אום אויס צו ריידין זיך מיט זייא וואס זיא וועט שוין פילייכט מארגין ניט קענען, אונ צו ריידין האט זיא זייער פיל, עס וואר שוין דאן געגין אווינד, עס האט שוין גיברענט איין ליכט אין איר צימער, איין ליכט וואס וואר גינוג גרויס אונ גראב אונ וואר אזו פיל זיכערער אלס דיא מלכה איבער צו ציהען דיא לאנגע נאכט וואס האט שוין ניט געגלויבט דאן טאג צו דער לעבין.

דיא עלטערין זיינען אריין געקומען צו איר מיט איינעם בעקלעמטין הערצין, דען זייא האבין זייער גוט פערשטאנען דאס זייא ווערין גערופין פון איר ניט צו פריידין, אונ האבין זיך לעבין איר געזעצט אום צו הערין וואס זיא ברויכט זייא, "ליבע טייערע עלטערין האט זיא זיך צו זייא אפ גערופין" עס טוט מיר צוואר זייער לייד אום צו שפרעכין מיט אייך אזו איין טרויעריגען גישפרעך, אונ דאך מוז איך טאן. אונ איר וועט עס מיר פאר צייהען וויא אלע מיינע זינד געגין אייך טייערע עלטערין. איך בין שוין פון איינינע וואכין בעטלעגעריג, נון ווייס איך שוין גאר ניט וואס עס טוט זיך אויף דער ווייסער וועלט, נון בעט איך אייך דאס איר זאלט מיר זאגין, זאל עס וואר זיין וואס איך האב גיהערט דאס דער ריטער שאטעאוינרין וואס האט אונז אויף דעם קיניגס באפעהל אפ געפירט פון לאנדאן קיין יארק, אונ האט מיר עטליכע מאל בעזוכט זאל נאך היא זיין אונ בעזוכט נאך אפט אונזער ברוך, "אונ ווארום גלויבט זיך דיר עס ניט" האבין דיא עלטערין איר גיפרעגט, "ווייל איך ווייס" האט זיא זייא גיענטפערט, דאס דיזער ריטער וואר ביי דעם ריכארד ביז אהער זיין רעכטע האנד, אונ דער ביי איז ער נאך איין עכטער לעבע מאן דאס ער קען ניט זיין אן לאנדאן וויא אפיש אן וואסער, נון איז מיר אוואונדער וואס ער פאר זאמט זיך דא אין יארק אזו אצייט. "ווייל ער איז שוין דא בעשטימט פאר איין קאמענדאנט איבער דיזעם פעסטונג. האבין זייא איר גיענטפערט". "אזו" האט זיך דיא מלכה אפ גערופין, דאס איז פאר אים אגאנץ קליינע

קַאפֶּעגֶע עֶר , אוּנ פְלֶעגְּין זִיךְ דַאהֶער דֶער מָאגֶען אָן דֶעם פְּלוּךְ וָואס עֶר הָאט זֵייא גִיפְלוּכְט פַאר זַיין טוֹיט , אוּנ בִּפרט דָאס זֵייא הָאבִּין שׁוֹין גִיוואוּסְט פוּן דֶער אוּנְגְלִיקְלִיכֶע לִיבֶּע מלכ׳ס. נוּן הֵייסְט עֶס מדה כנגד מדה בֶּעצָאלְט , אוּנ צוּ זַייעֶר גְרוֹיסִין פֶערְדְרוּס הָאט זֵייא נָאךְ דֶער יָאזעף זַייעֶר לִיבּ , אוּנ קִימֶערְט זִיךְ אוּם דִיא מלכה פּוּנְקְט וִויא זֵייא אַלֵיין . נוּן וַואר דָארְטִין גִיוֵויינְט אוּנ גִיקְלָאגְט אִין שְׁטִילִין , דִיא מוּטֶער פְלֶעגְט אוּם צוּ גֵיין אוּנ בְּרֶעכִין דִיא הֶענְט , אוּנ פְלֶעגְט זִיךְ אַלֵיין אָן קְלָאגִין , יָא מַיין קִינְד , מַיין זֵייל , מַיין לֶעבִּין , מַיין אֵיינְצִיגֶע הָאפֶענוּנְג אִין דִיא בֵּיידֶע וֶועלְטִין , פְלֶעגְט זִיא אִימֶער צוּ שְׁרַייעֶן , אִיךְ אַלֵיין הָאבּ שׁוּלְד אִין דַיינֶער קְרַאנְקְהַייט , דוּא הָאסְט דָאךְ דָא גִיוַואקְסִין אִין דֶעם שָׁאטִין פוּן דִיזֶען שְׁטִילֶען מוֹיעֶר וִויא אַיין בְּלִיהֶענְדֶע רוֹיז אוֹיף אִיר בֵּייט , נוּן הָאבִּין מִיר דִיךְ אָפּ גֶעפְּלִיקְט מִיט אוּנְזֶערֶע שׁוּלְדִיגֶע הֶענְד מִיט אוּנְזֶער שִׁיקִין דִיךְ קַיין לאנדאן דִיא מוּטֶער שְׁטָאט פוּן אַלֶע זִינְדִין פוּן אַלֶע אוּנְגְלִיקִין , פַאר פְלוּכְט זָאל דֶער טָאג וָואס דוּא בִּיזְט אַהִין גִיקוּמֶען , אֵיינֶע בְּלִיהֶענְדֶע בִּיזְט דוּא פוּן אוּנְז אַוֶועק אוּנ אֵיינֶע וֶועלְקֶע בִּיזְט דוּא צוּא אוּנְז גִיקוּמֶען .

נוּן וַוארֶען גֶערוּפִין גְרוֹיסֶע דָאקְטוֹרִים צוּ אֵיינֶעם קַאנְסוּלַאם , אוּנ אַלֶע הָאבִּין גֶעזָאגְט מִיט אַיין שְׁטִים דָאס אִיר קֶען נוּר הֶעלְפִין אַיין מִיטִיל , אוּנ דָאס אִיז מֶען זָאל עֶנְדֶערִין דִיזֶעס קְלִימַאט אוֹיף אֵיינֶעם גֶעזִינְטֶערִין , דָאס הֵייסְט מֶען זָאל מִיט אִיר פָארִין קַיין שפאניען אָדֶער קַיין איטאליען , דִיזֶער רַאט אִיז הֶעכְסְט גֶעפֶעלִין גֶעוָוארִין דִיא פַאמִילְיֶע , וַוייל זֵייא הָאבִּין שׁוֹין פוּן לַאנְג אָן גֶעדֵיינְקְט אָפּ צוּ צִיהֶען פוּן יארק נָאךְ שפאניען צוּרִיק , נוּר אוּם וִוינְטֶער וַואר עֶס גָאר אוּנְמֶעגְלִיךְ , וַוייל דִיא בֵּיידֶע קְרַאנְקֶע דָאס הֵייסְט ברוך אוּנ מלכה וֶועלִין נִיט קֶענֶען אוֹיס הַאלְטִין דִיא שְׁטוּרֶעמְס פוּן יַם, אוּנ דַאפִיר אִיז בֵּיי זֵיי גִיבְּלִיבִּין דָאס זֵייא זָאלִין דָא אִיבֶּער וִוינְטֶערִין דִיא צְוֵוייא דְרַייא מָאנַאטִין , אוּנ וֶוערְדֶען זִיךְ דֶער וַוייֶלֶע מַאכִין רַייזֶע פַארְטִיג , אוּנ דֶער נָאךְ וֶוערְדֶען זֵייא אָפּ צִיהֶען פוּן יארק מִיט פְרֵיידִין , הֶען אוֹיסֶער דֶעם וַואר זֵייא איינגלאנד הֶעכְסְט פֶערְהַאסְט וֶועגִין דִיא גְרוֹיסֶע אוּנְטֶער דְרִיקוּנְג וָואס יוּדִין הָאבִּין דָארְטִין גֶעהַאט אִין יֶענֶע צֵייטִין .

## 16.

### מַלְכָּה הֵיילִיגֶער וואוּנְטְשׁ אוּנ זַיין עֶרְפִילוּנְג .

אוּנ דִיא צַייט וָואס גֵייט זִיךְ אִימֶער אִיר גֶעוואוּנְלִיכֶען גַאנְג , דָאס

אין דעם זעלביגען טאג זיינען געהאנגען געווארין פופצעהען אונטער
יעלכע עס וואר אויך דיא עפפאי, דער היינצוס, דיא ראדרינגע. אונ נאך
איינגע פון זייער באנדע, אונ דיא רוהע האט אין לאנדאן צוריק גיקערט.

## 15.

## איינע קליינע בעטראכטונג איבער דעם צושטאנד פון מלכה אונ פון איר פאמיליע.

עס האט ניט לאנג גידויערט דאס דער יאזעף אבדועל האט גיבראכט
קיין יארק דעם קעניגליכען באפעל דאס ברוך מעג ווערין ווידער אין יודע,
אונ דאס וואר איין באלזאם אין דאס וואונדע הערץ פון דעם זייער קראנקען
ברוך, דער צו נאך האט ער אהין געבראכט דיא גוטע נאכריכט דאס דער
נייער קעניג איז אגרויסער מענטשין פריינד. אונ איז דיא יודין אזו גוט דאס
ער האט גיוואלט אויף היינגען פינף הונדערט פון דעם נאראד פאר דיא
רציחה זייערע אן דיא יודין, עס האט אים אפ געהאלטין דער פון נור דיא
מוטער, אונ עס ווארין אויף געהאנגען נור פופצעהן. אין עטליכע טעג
ארום איז אנגעקומען קיין יארק איין אידעשער רייטער פון לאנדאן וואס
האט מיט זיך גיבראכט אריסטער פון דיא קדושים וואס זיינען אומגיקומען
דארטין אין דער שרעקליכע נאכט, עס ווארין אונטער דעם פיל יארקער,
נון האט מען דארטין אין יארק געמאכט אתענית אונ אגרויסין הספד איבער
דעם רבינו תם אונ איבער אלע קדושים, עס זיינען אנגעצונדין געווארין
דארט אין שול מעהר אלס פינף הונדערט ליכט פאר דיא נשמות פון דיא
אומגיקומענע, עס וואר דארטין געגאסין געווארין טרערין וויא וואסער.

מלכה איז דאן גיווארין העכסט קראנק, זיא האט באקומען פון שרעק
אונ פון קלעמונג דיא אויסצערונג, אונ וואר אזו וואס אטאג געהענטער צו
דעם טויט, אונ דיא עלטערין האבין עס פערשטאנגען, אונ אזו אנשטאט
דעם וואס דער יאזעף אבודעל וואר אפריידע ביא זייא אין שטוב, איינע
ערקוויקונג אים אן צו קוקין, איז ער זייא אדארין אין דיא אויגין גיווארין,
ערסטינס ווייל זייא האבין ניט פערגונען דאס ער זאל אן קומען צו איינעם
אנדערין פאר איין איידים, צווייטינס האט זיך זייא אפ געשפיגעלט אין
זיין געזיכט דיא געשטאלט פון זייער אלטין פאטער אבודעל דען ער וואר

מייסטער ווערק נאטעס. איין וואונדער דער נאטור, נאך האט קיין מיילער אזו וואס שיינעס געמאלט, קיין בילד הויער געשניצט, וויא איך גלויבע האט זיא זיך עפעס וויא פון איינער בעסערן וועלט פאר אירט אהער אין דעם יאסענם שטוב. אונ ער האט זיא אזו פאר איינע טאכטער אנגענומען, דען ער האט אויסער איר קיינע קינדער, אונ וויא שיין זיא איז אזו איז זיא אויך ערליך, גלויבע מיר מוטער דאס זיא איז נאך אום בערירט פון מיר. דער מאן זיך „פון מיר דיין זון לעווענהערץ“ וואס פאר אים בייגט זיך יעדער שטאלצע אונ מעכטיגער פעסטונג, אונ דאס איז נור ווייל זיא איז פעסט אין איר תאראקטער וויא איין פעלז, אונ ריין וויא איין איינגעל, איך האב דאס גליק געהאט צו רעטירען דיא אומשולדיגע באשעפענעס מיט איאר צוריק פון דעם פעבעלס האנט ביי איינער פראצעסיע, אונ האב זיך דאן פערליבט אין איר אונ זיא אין מיר, אונ האב איר אזו אין דער ערסטע היצע פון מיין ליבע צו איר וועלכע איז נאך ביז איצונד ניט אפ געקילט פערשפראכן צו הייראטען, אונ זיא ניט ווייסענדיג מיין גרויסן שטאנד האט אויך דאס זעלביגע גיטאן אונ איז געבליבען טרייא איר פערשפרעכין, אונ האט אזו אוים געהאלטין דיא שווערסטע פראבע פון פרומקייט, נון איז זיא מיט אירע עלטערין געווארין העכסט אומגליקליך דורך דיזע ליבע, דען נור צוליב מיר האט זיא זיך פון איר חתן אפ גיזאגט, וואס איז ווירקליך אין שטאנד איר העכסט גליקליך צו מאכין, אונ אזו צוליב מיר איז זיא איצונד אזו באליידיגט געווארין פון דעם נאראד, דען דיזע עלענדע האט נור געוואלט מיר זעהען, אבער ניט דיא פארארע, זיא האט געגלויבט צו דער קענען מיר אונטער איינעם פון דיא אפעצירען, נון האט זיא מיר אין דעם קיניג דער זעהען, זיא וועט עס געוויס ניט איבער לעבין, ווייל זיא זעהט שוין איין אויף קלאר דאס זיא לעבט אן האפענונג, נון זאל נאך דיזע פון אזעלכע נאטעס לעסטערער גישלאגין ווערין, ניין ליבע מוטער איך קען עס ניט פאר טראגין. זייא מוזין שטריינג גישטראפט ווערין.

אונ אזו האט דיזעס גישפרעך געדויערט איינע לאנגע צייט, אונ האט זיך גיענדעט דער מיט דאס עס זאלין נור גיהאנגען ווערין דיא יעניגע וועלכע מען האט דער וויסט אנצינדענדיג דיא הייזער, ווייל דורך דעם האט גיליטין דיא גאנצע שטאט, אונ דאס דיא גייסטליכע זאלין אוים רופין אין אלע קירכין דאס מען זאל אפ געבין צוריק אלעם וואס מען האט נור גירויבט ביי דיא יודין, אונ דאס נייטין-פון טויפונג פון דעם ברוך זאל ניט זיין גילטיג ווייל עס איז נור מיט גיוואלד גישעהען, אונ אזו אטויפין זאל קיין מאל ניט גילטיג זיין.

וואלסט דיזען בלוטיגען רעקרעט איצונד ניט אונטער שרייבען.

»א ניין ליבע מוטער« האט ער איר גיענטפערט. עס איז ניט צוא פערגלייכען די יודין צו די טירקען, מיר שטרייטין מיט די טירקען אויך ניט אום זיא צו מארדין ווייל זייא זיינען קיינע קריסטין. בעהיטע נאט, דאס וויל זעלבסט אונזער רעליגיאן ניט וואס אירע יסודות איז נור מענטשין ליבע אונ דולדונג, מיר שטרייטין מיט זייא נור אום אפ צו נעמען פון זייא די הייליגע ערטער, אונ העטין די טירקען געוואונט אין מיינע לענדער דאן וואלט איך זייא געשיצט וויא איצונד די יודין, דען אזו איז די גיזעצע פון יעדען מאנארכען צו שיצען זיינע אונטער טאנען פון וועלכין גלויבין זייא זיינען, צווייטינס האבין זייא באליידיגט מיין געליבטע, אונ פאר אזו אזאך רעכינט זיך אפ זעלבסט דער גימיינסטער אפיציר, דאהער ברענגע איך פון נקמה איך העטע טויזענדע פון די קרייצפאהרער פאר דיזע איינע אויף גיהאנגען.

»אונ ווער איז עס דיינע געליבטע« האט זיא אים גיפרעגט, זאל ווירקליך זיין די הדסה דעם בענעדיקטוס טאכטער, איך האב איר שוין דארום גילאזט איין מאל רופין צוא מיר, אונ האב מיט איר דאריבער גישפראכין, צוואר זיא איז שיין וויא איין געטער קינד, אונ געבילדעט, זיא איז ווירדיג גיליבט צוא ווערין, אונ האב מיך אזו גאר גיפרייט דאס דוא האסט גישמאק, אונ ווידער דאס דוא ליבסט זיך אין איינע מיידכען וואס איז אום שולדיג וויא איין פרידענס איינגעל, נון האט זיך דאן אויס גיוויזין דאס זיא וייס גאר ניט פון וואס צוא זאגין, זיא קען דיך ניט, אונ וייס דיך ניט, נון וויא איך זעהע שוין איצונד האט זיא מיך באטראגין, זיא איז איינע פאלשע, איינע ליגנערין, אונ איז שוין אזו ניט ווערט פון דיר גיליבט צו ווערין, דען זיא איז געוויס איינע שטרינגלערקע, אונ האט צעהן גיליבטע אויסער דיר, נון ווילסטו זיך פאר אזו איינע פאלשע וואס וואגט זיך צוא באטריגען אירע קיניגין ווילסטו דיך פאר איר זיך רעכענען אונ באשטראפין פאר איר הונדערטע פרומע קריסטען.

»ניין מיין ליבע מוטער« האט ער איר גיענטפערט, דוא אירעסט דיך אין גאנצין, די יעצט באליידיגטע איז ניט די הדסה וועלכע דוא האסט ערלויבט צוא קומען מיט איר פאמיליע אין דיין פאלאץ צוא זעהען די קראנאציע, ניין אנשטאט איר איז גאר גיקומען איינע געוויסע מלכה דעם יאסענס אטאכטער, אונ די איז עס מיינע געליבטע, די הדסה איז צוואר שיין, די מלכה אבער איז גאר געטליך, איין הימעלשעס וועזין, איין

הָאט דַאהֶער גֶעהֵייסִין בְּרֵיינְגֶען נָאךְ אַפָּאר שְׁקְוַואדְרָאנֶען , דֶער וַוייל עֶ
הָאבִּין דִיא בַּאנְדִיטִין אוּנְטֶער גֶעצוּנְדִין דָאס הוֹיז אוּנ עֶס אִיז גֶעוָוארִין אַיין
שְׁרֶעקְלִיכֶער בְּרַאנְד , דָאס עֶס וַואר גָאר אוּנְמֶעגְלִיךְ צוּ לֶעשִׁין , דָאס עֶנְדֶע
וַואר דָאס וִויא דֶער שאטעאוינרין הָאט בַּאקוּמֶען דֶעם נַייֶעם הִילְפֶע הָאט
עֶר אַטֶעקִירְט דִיא נַאנְצֶע בַּאנְדֶע אוּנ הָאט זֵייא גֶענוּמֶען גֶעפַאנְגֶען
לֶעבֶּעדִינְגֶערְהֵייד . עֶס וַואר אוּנְטֶער זֵייא אקסבארען , היינצום מִיט זַיינֶער
פְרוֹיא , עֶס זַיינֶען נוּר עֶטְלִיכֶע אַנְטְלָאפִין , אֵיינֶע דֶער פוּן וַואר דִיא עפפאי ,
אוּנ מֶען הָאט זֵייא אַרַיין גִיזֶעצְט , אוּנ עֶרְסְט דַאן הָאט מֶען זִיךְ גֶענוּמֶען צוּ
רַאטֶעוֶוען וָואס נוּר מֶעגְלִיךְ אִיז פוּן פַייֶער . אוּנ אַלְס עֶס הָאט אוֹיס גֶעטָאגְט
הָאט דֶער שאטעאוינרין גֶעלָאזְט בְּרֵיינְגֶען קִינִיגְלִיכֶע וֶועגִין , קַארָאטִין ,
אוּנ הָאט אִין זֵייא אַטְפְּרַאוֶועט דִיא גַאנְצֶע פַאמִילְיֶע פוּן דֶעם ברוך אוּנ פוּן
דֶעם יאסען מִיט זֵייעֶרֶע פֶערְמֶעגֶנְס קַיין יארק מִיט גְרוֹיסֶע וַואכִין אוּנ
קַאנָאוָואיֶען , מֶעהְר פַאר אַלֶעמֶען וַואר גֶעזָארְגְט פַאר דִיא מלכה וָואס וַואר
דַאן זֵייעֶר גֶעפֶערְלִיךְ קְרַאנְק , עֶס אִיז אַיין הוֹיף דָאקְטֶער מִיט גֶעפָארִין מִיט
אִיר , אוּנ מֶען הָאט זֵייא גֶעבְּרַאכְט לְשָׁלוֹם קַיין יארק . דֶער יאזעף אָבֶּער
אִיז גֶעבְּלִיבִּין אִין לאנדאן אוּם אוֹיס צוּא וִוירֶקֶען בַּייא דֶעם קִינִיג דָאס
ברוכ׳ס טוֹיפֶען זָאל נִיט גִילְטִינ זַיין , וַוייל מֶען הָאט אִים דָאךְ גֶעטוֹיפְט
מִיט גְוַואלְד , אוּנ זָאל אַזוֹ מֶעגִין וֶוערִין וִוידֶער אַיוּדֶע .

אִין דִיזֶעם טָאג הָאט דֶער קִינִיג גֶעלָאזְט אוֹיס זֶעצִין אֵיינֶע גְרוֹיסֶע
קַאמִיסְיֶע אִיבֶּער דִיא גִיפַאנְגֶענֶע , מֶען הָאט זֵייא זֵייעֶר שְׁטְרֵיינְג עֶקְזַאמֶענִירְט ,
אוּנ עֶס וַוארִין מֶעהְר אַלְס דְרַייא הוּנְדֶערְט זֵייעֶרֶע פַאר מִשְׁפֶּט צוּם טוֹיט ,
אוּנ אַלְס דֶער קִינִיג הָאט עֶרְגְרִיפֶען דִיא פֶעדֶער אוּם עֶס אוּנְטֶער צוּא
שְׁרַייבִּין , וַואר עֶר אַרַיין גִיבֶּעטִין צוּ דֶער מוּטֶער וֶועגִין דֶעם , יָא מַיין לִיבֶּער
זוּן פְרֵיידֶע מַיינֶעם הֶערְצֶענְס" הָאט זִיא צוּ אִים גֶעזָאגְט , אִיךְ הָאבּ דִיךְ
אַרַיין גִיבֶּעטִין אִיצוּנְד צוּ מִיר אוּם נוּר צוּ לֵיינֶקֶען דַיין עֶרְסְטִין טְרִיט אוֹיף
דֶער וֶועג פוּן דַיין רֶעגִירוּנְג , זַאיי וִויסִין מַיין קִינְד דָאס אַיין גְרוֹיסֶער מָאנַארְךְ
צֵייכֶענְט זִיךְ אוֹיס אִין דֶער וֶועלְט פִיל מֶעהְר מִיט זַיינֶע גִיטֶע אַלְס מִיט זַיינֶע
צוּ שְׁטְרֵיינְגֶע גִירֶעכְטִינְקַייט , אוּנ בִּפרט נָאךְ אִין דֶעם אָנְפַאנְג פוּן זַיינֶער
רֶעגִירוּנְג , אוּנ פשיטא נָאךְ בַּייא אַזוֹ אַזַאךְ וָואס בֶּערִירְט דִיא רֶעלִיגְיָאן ,
דֶען בַּייא דֶעם נַארָאד אִיז דָאךְ דֶער יוּדֶע דָאס זֶעלְבֶּע וָואס אַיין טִירְקֶע .
אוּנ פִילַייכְט נָאךְ פִיל שְׁלִימֶער , וַוייל דִיא יוּדִין הָאבִּין זִיךְ דָאךְ פֶערְזִינְדִיגְט
גֶעגִין אוּנְזֶער מָשִׁיחַ זֶעלְבְּסְט , נוּן וֶוען מֶען גֵייט מָארְדִין דִיא טִירְקֶען וָוארוּם
זָאלִין דִיא יוּדִין בְּלַייבִּין פַאר שׁוֹינְט , דַאהֶער אִיז מַיין רַאט דָאס דוּא

דורְךְ דֶעם אַזוֹ אַבְּרַאנְד דָאס דֶעם קֶינִיג זֶעלְבְּסְט אִין זַיינֶעם שְׁלָאס הָאט גִיבְּלֶענְדֶעט דִיא אוֹיגִין , אוּנ דורְךְ דֶעם הָאט מֶען שוֹין נִיט גִיקֶענְט לֵייקֶענֶען פוּן אִים דָאס מִינְדֶעכְטֶע , אוּנ אִיז אַזוֹ גֶעוֶוארֶען גֶעוֶוארִין דִיא גַאנְצֶע גִישִׁיכְטֶע פוּן אָנְהֵייבּ בִּיז עֶנְדֶע , אוּנ וַואר הֶעכְסְט אוֹיף גֶעבְּרַאכְט אוֹיף זַיין מִינִיסְטֶער וָואס עֶר הָאט עֶס גֶעוָואלְט אִין גַאנְצֶען פַאר דֶעקִין , אוּנ הָאט אַזוֹ גִיגֶעבִּין אַבֶּעפֶעל אוֹיף זַיין אַדְיוּטַאנְט שאטעאוּגרין . דָאס עֶר זָאל אַרַיין אִין נַארָאד מִיט דְרַייא טוֹיזִינְד גִיפַּאנְצִירְטֶע גַארְדֶע אוּנ הָאט אִים גֶעהֵייסִין טָאן דָאס מֶעגְלִיכְסְטֶע אוּם נוּר דִיזֶען אוֹיף רוּהְר אַיין צוּ שְׁטִילִין , דִיזֶער שאטעאוּנרין הָאט דִיזֶע דְרַייא טוֹיזִינְד מַאן צוּ טֵיילְט אוֹיף פוּפְצֶעהֶען טֵייל , דָאס הֵייסְט אוֹיף שְׁקְוַאדְרָאנֶען פוּן צְוַוייא הוּנְדֶערְט מַאן אוּנְטֶער בַּאזוּנְדֶערֶע אָפִיצִירֶען , אוּנ דִיזֶע שְׁקְוַאדְרָאנֶען הָאבִּין זִיךְ צוּ שָׁאטִין אִיבֶּער אַלֶע גַאסִין , אוּנ הָאבִּין אַזוֹ וֶועמֶען זֵייא הָאבִּין נוּר אָנְגֶעטְרָאפִין מִיט גִיוֶוער , מִיט פֶּעק זַאכִין מִיט בְּלוּטִיגֶע הֶענְט אוֹיף דֶער שְׁטֶעלֶע עֶרְמָארְדֶעט , אוּנ דִיא אִיבֶּערִיגֶע וָואס וַוארִין נוּר פֶערְמִישְׁט אִין דִיזֶעם גִישְׁלֶעג הָאבִּין זֵייא גִיפַאנְגֶען גִינוּמֶען אוּנ אַרַיין גֶעזֶעצְט אִין פֶעסְטוּנְג , עֶס וַוארִין זֵייעֶרֶע מֶעהְר אַלְס פִינְף הוּנְדֶערְט , דֶער שאטאוּגרין אַלֵיין אָבֶּער אִיז מִיט זַיין שְׁקְוַאדְרָאן לוֹיט דֶעם קֶינִיגְס בַּאפֶעל אַוֶועק צוּ דֶעם וואוֹנוּנְג פוּן דֶעם ברוך , אוּנ דָארְט הָאט עֶר דֶער וִויסְט דִיא הוֹיפְט בַּאנְדֶע אוּנְטֶער וֶועלְכֶע עֶס וַואר דֶער אקסבאריען , דֶער היינצוס . דֶער ניקלאס , דִיא ראדרינגע , אוּנ אוֹיךְ דִיא עפּפּאי וָואס וַואר דָארְט דִיא אָן וַוייזֶערִין פוּן דִיא גֶעהֵיימֶע צִימֶערִין וָואס דָארְט אִיז בַּאהַאלְטִין דָאס פֶערְמֶעגִין פוּן דִיזֶעם רַייכִין מַאן , עֶס וַוארִין דָארְט אִין שְׁטוּבּ מֶעהְר אַלְס צְוַוייא הוּנְדֶערְט יוּדִין וָואס וַוארִין זֵייעֶר גוּט בֶּעוַואפִינְט אוּנְטֶער דֶער קַאמַאנְדֶע פוּן דֶעם יאזעף אבדול וָואס וַואר אַגוּטֶער אָפִיצִיר , אוּנ הָאבִּין גֶעשְׁטְרִיטִין וִויא דִיא הֶעלְדִין , דָאס עֶס אִיז גֶעפַאלִין פוּן בֵּיידֶע צְדָדִים מֶעהְר אַלְס דְרַייסִיג פֶּערְזָאן , דַארוּנְטֶער וַואר אוֹיךְ דֶער רבי יעקב רבינו תם אוּנ נָאךְ אֵיינִיגֶע רַבָּנִים , עֶר הָאט דֶער וִויסְט דָארְט אוֹיךְ זֵייעֶר פִיל וֶועגִין אַיין גִיפַּאקְטֶע מִיט אַלֶער הַאנְד זַאכִין , אוּנ אֵיינִיגֶע וֶועגִין אִין וֶועלְכֶע עֶס זַיינֶען גִיזֶעסִין דִיא פְרוֹיעֶן פוּן דֶעם ברוכס הוֹיז אוּם צוּ אַנְטְלֵייפִין וָואס צוּם גִיכְסְטֶען , אוּנ אַרוּם זֵייא זַיינֶען גֶעשְׁטַאנֶען מֶעהְר אַלְס פוּפְצִיג אִידֶעשֶׁע יוּנְגֶע לַייט מִיט הוֹילֶע דֶעגִינְס .

קוּרְץ דֶער פוּן עֶס וַואר דָארְט אַשְׁטְרַייט אוֹיף טוֹיט אוּנ לֶעבִּין , אוּנ אַגְרוֹיסֶע בַּאנְדֶע בַּאנְדִיטֶען , דָאס שאטעאוּנרין הָאט זֶעלְבְּסְט אַיין גִיזֶעהֶן דָאס עֶר וֶועט דָא מִיט זַיינֶע צְוַוייא הוּנְדֶערְט מַאן גָאר נִיט אוֹיס פִירִין , אוּנ

קִינִגְס פַּאלַאץ וַואר עֶר דוּרְךְ דֶעם הֶעכְסְט אוּמְרוּהִיג, אוּנ הָאט אַרוֹיס גֶעשִׁיקְט זַיין מִינִיסְטֶער פּוּרזייע אוּם צוּ זֶעהֶען וָואס דָאס אִיז. אוּנ דִיזֶער מִינִיסְטֶער הָאט נִיט גֶעדַארְפְט וַייט גֵיין אָדֶער אַזוֹ נָאר נָאךְ פְרֶעגִין זִיךְ וֶועגִין דֶעם, דֶען בַּאלְד וִויא עֶר אִיז אַרוֹיס פוּן פַּאלַאץ הָאט עֶר שׁוֹין דֶער זֶעהֶען אֵיינִיגֶע בַּאנְדִיטֶען גֵייעֶן אוּם מִיט פַאר קַאסֶערְטֶע אַרְבִּיל, דִיא הֶענְט זַיינֶען פֶערְבְּלוּטִיגְט בִּיז דִיא אֵיילֶענְבּוֹיגִינְס, אוּנ שְׁלֶעפִּין גְרוֹיסֶע פֶּעק אוּנ הָאבִּין דֶער בַּייא גֶעשְׁרִייעֶן „עֶס לֶעבֶּע דֶער קִינִיג“ פַאר דִיזֶע פְרֵיידֶע וָואס עֶר הָאט אוּנְז גֶעמַאכְט אִין דִיזֶעם קְרֵיינוּנְגְס טָאג. דֶער קִינִיג וִויל עֶס הָאבִּין דָאס בִּיז נַאכְט זָאל קַיין יוּדֶען זַיילִין בְּלַייבִּין אִין לאנדאן, אוּנ מִיר אַלְס טְרַייעֶ דִינֶער וֶועלִין עֶס עֶרְפִילֶען, אוּנ וֶועט מָארְגִין זַיינֶע טְרַייעֶ דִינֶער לוֹיבִּין.

אוּם זָאנְסְט הָאט דִיזֶער מִינִיסְטֶער זִיךְ דִיא מִיהֶע גִינֶעבִּין צוּ מַאכִין זַייא קְלָאר דַאס דָאס אִיז גְרַאדֶע גֶעגִין דֶעם וִוילֶען פוּן קִינִיג, אוּנ וֶועט זַייא דֶער פַאר זַייעֶר שְׁטְרֵיינְג בַּאשְׁטְרָאפִין. דֶען זַייא הָאבִּין אִים נִיט גֶעגְלוֹיבְּט אוּנ הָאבִּין אִים אוֹיס גֶעלַאכְט. נוּן וַואר עֶר גֶענֵייטִיגְט אַרוֹיס צוּא שִׁיקֶען הוּנְדֶערְט סָאלְדַאטִין דָאס זַייא זָאלִין דֶער וַויילֶע דֶעם נַארָאד פוּן אֵיינַאנְדֶער טְרַייבִּין, אוּנ אַלֵיין הָאט עֶר זִיךְ אוּמְגִיקֶערְט צוּ דֶעם קִינִיג אוּם צוּ בַּאטְרִיגִין אִים מִיט אֵיינֶער פַאלְשֶׁע נַאכְרִיכְט, דָאס דֶער לַארֶעם אִיז נוּר פוּן דֶעם פּוּבְּלִיצִינֶעם בַּאל וָואס מֶען מַאכְט פַאר דֶעם נַארָאד אִין דִיא גַאסִין, אוּנ דָאס אִיז נוּר אַיין פְרֵיידֶען גֶעשְׁרֵייא. דֶען עֶר הָאט זִיךְ גֶעפִירְכְטֶעט צוּ זָאגִין פַאר אִים דִיא וַוארְהַייט. דָאס עֶר זָאל אוֹיף אִים נִיט צִירְנֶען אוּנ זָאל אוֹיס הִיץ נִיט הֵייסִין טוֹיזֶענְדֶע פוּן דֶעם נַארָאד צוּ טֵייטִין אוֹיף דֶער שְׁטֶעלֶע, דֶער וַויילֶע וֶועט שְׁטִיל וֶוערִין בִּיז נַאכְט, אוּנ דַאן וֶועט עֶר עֶס צוּ וִויסֶען גֶעבִּין דֶעם קִינִיג מִיט קַאלְטִין בְּלִיט אִין אֵיינֶעם קְלֵיינֶעם אוֹפֶן, דַאמִיט עֶר זָאל בַּאשְׁטְרָאפִין נוּר אֵיינִיגֶע פוּן דִיא רֶעדִיל פִירֶער. דֶער מִינִיסְטֶער אָבֶּער הָאט זִיךְ גַאנְץ גֶעאִירְט אִין זַיין מֵיינוּנְג, דֶער נַארָאד הָאט דִיא הוּנְדֶערְט סָאלְדַאטִין וָואס עֶר הָאט אַרַיין גֶעשִׁיקְט אִין זַייא צוּ מַאכִין אָרְדֶענוּנְג פַאר יָאגְט מִיט שַׁאנְדֶע, אוּנ נִיט בֶּעסֶער אִיז גִישֶׁעהֶען דִיא צְווייא הוּנְדֶערְט רַייטֶער וָואס דֶער קָאמֶענְדַאנְט בּוּרְלֵייא הָאט אַנְטְקֶעגִין זַייא גֶעפִירְט, דֶען דָאס פָאלְק הָאט אוֹיף זַייא גֶעוָוארְפִין קִירְפִּיצֶען פוּן דִיא דֶעכֶער, אוּנ שְׁטֵיינֶער פוּן אוּנְטִין, אוּנ צוּא הַאקִין אוֹיף זַייא מִיט דִיא בְּלוֹיזֶע שְׁוֶוערְד הָאבִּין דִיא רַייטֶער זִיךְ נִיט גֶעוַואגְט, דֶען זַייא הָאבִּין דֶער צוּ קַיין בַּאפֶעל גֶעהַאט פוּן דֶעם קִינִיג, אוּנ אַזוֹ וַואר לַארֶעם אוֹיף לַארֶעם בִּיז גֶעגִין אָוֶוינְד וָואס זַייא הָאבִּין אָנְגֶעצוּנְדִין דַאן דִיא אִידֶעשֶׁע הַייזֶער, אוּנ עֶס אִיז גֶעוָוארִין

יָארִין צְווִישִׁין דֶעם נַארָאד, אונ דַאן הָאט דֶער יאזעף מִיט אֵיין הַאנְט אָן גֶענוּמֶען דִיא מלכה אונ מִיט דֶער אַנְדֶערֶער הַאנְט הָאט עֶר נָאךְ גִישְׁלֶעפְּט דֶעם היינצען, אונ אִיז גִינַאנְגֶען דורְךְ דֶעם פֶּעבֶּעל וָואס הָאבִּין אִים מִיט גְרוֹיס רֶעסְפֶּעקְט אָפּ גֶעטְרָאטִין דִיא וֶועג, בִּיז עֶר אִיז מִיט זַייא בֵּיידִין אַרוֹיס אִין אֵיינֶער זַייטִין גַאס. עֶס אִיז זַייא נָאךְ גֶעלָאפִין מֶעהְר נִיט וִויא דֶעם היינצענס וַוייבּ דִיא רָאדְרִינֶע וָואס אִיז אִים דָארְט גֶעפַאלִין צוּ דִיא פִים אונ הָאט אִים גִיבֶּעטִין דָאס עֶר זָאל אִיר מַאן לוֹיז לָאזִין, אונ הָאט אִים בַּאקוּמֶען פוּן דֶעם יאזעפס הַאנְט הַאלְבּ טוֹיט, אונ פוּן דָארְט אִיז דֶער יאזעף מִיט דֶער מלכה דורְךְ פִילֶע זַייטִין גַאסִין אַוֶועק אַהֵיים וואו עֶר הָאט דֶער וַויסְט שׁוֹין דֶעם יאסען אַיין צוּ קַיילְטִין אונ אַיין צוּ בַּיילְטִין, עֶס הָאט גִיפֶעלְט דָארְט נוּר דֶער ברוך, הֶען עֶר הָאט גֶעהַאט דָאס אוּמְגְלִיק אַרַיין צוּ פַאלִין אִין דִיא הֶענְט פוּן יֶענֶע בַּאנְדִיטֶען וָואס דִיא עפפאי הָאט זַייא אָן גֶעוִויזֶען אוֹיף אִים, זַייא הָאבִּין אִים גֶעשְׁלָאגִין גֶעמַאטֶערְט, אונ דֶער נָאךְ הָאבִּין זַייא אִים אַוֶועק גִישְׁלֶעפְּט אִין דֶער קִירְכֶע אונ הָאבִּין אִים אָפּ גֶעטוֹיפְט מִיט גְוַואלְד, אונ הָאבִּין אִים אָפּ גֶעשִׁיקְט דֶער נָאךְ אַהֵיים.

## 14.

## „דִיא אִיבֶּער פַאלוּנְג אִיבֶּער דִיא יוּדִין"

דֶער וַוייל הָאט זִיךְ דורְךְ דִיזֶע גֶעשִׁיכְטֶע אוֹיס גִיבְּרֵייטֶעט אִין דֶער גַאנְצֶער שְׁטָאט אַיין בְּלוּטִיגֶער לִיגִין, דָאס דֶער קֵינִיג הָאט עֶרְלוֹיבְּט אִין דִיזֶעם פְרֵיידֶען טָאג דֶעם גַאנְצִין נַארָאד דָאס זַייא זָאלִין זִיךְ לוּסְטִיג מַאכִין אִיבֶּער דִיא יוּדִין, דָאס הֵייסְט דָאס מֶען זָאל אִיבֶּער פַאלִין אִיבֶּער זַייעֶרֶע הַייזֶער אונ אוֹיס רוֹיבִּין דָארְט וָואס נוּר זַייא הָאבִּין, אונ דֶער בַּייא זַייא זֶעלְבְּסְט אוֹיךְ נִיט שׁוֹינֶען, אונ דִיזֶע פַאלְשֶׁע נַאכְרִיכְט אִיז אָנְגֶענוּמֶען גֶעוָוארִין פוּן דֶעם נַארָאד מִיט גְרוֹיס לוּסְט פַאר אֵיינֶע וַוארְהַייט. צוּם עֶרְסְטִין הָאבִּין זַייא אוֹיס גִימָארְדֶעט אַלֶע יוּדִין וֶועלְכֶע זַייא הָאבִּין אָנְגִיטְרָאפִין אִין דִיא גַאסִין, דֶער נָאךְ הָאבִּין זַייא אַיינְגֶעבְּרָאכִין אִין דִיא רַייכְסְטֶע הַייזֶער אונ הָאבִּין דָארְט גֶערוֹיבְּט אונ גֶעמָארְדֶעט גָאר אָן רחמנות, עֶס וַואר דֶער בַּייא אָבֶּער גְרוֹיס לַארֶעם אונ גְרוֹיס גֶעשְׁרֵייא, דֶען עֶס וַואר אַיין גְרוֹיס גִישְׁלֶעג אוּנְטֶער דִיא בַּאנְדִיטֶען זֶעלְבְּסְט וָואס הָאבִּין זִיךְ נִיט גִיקֶענְט צוּא טֵיילִין מִיט דֶעם רוֹיבּ, אונ אַלֶם דִיזֶער לַארֶעם הָאט גִיגְרֵייכְט בִּיז אִין דֶעם

אִין דִיזֶער מִינוּט אָבֶּער הָאט דִיא מלכה דֶער קֶענְט אִין דֶעם קֶענִיג אִיר גֶעלִיבְּטֶען מערדוינט, אוּנ אִיז גֶעוָוארִין אוֹיף דֶער שְׁטֶעלֶע מְשׁוּגֶע דָאס זִיא הָאט אוֹיס גֶעשְׁרִיעֶן וִויא נִיט מִיט אִיר שְׁטִימֶע "דָאס אִיז עֶר אוּנ נִיט קֵיין אַנְדֶערֶער", אָ עֶר הָאט מִיר שֶׁעלְמִים בֶּעטְרָאגִין. אוּנ אִיז דֶער בַּייא גֶעפַאלִין אִין אוּנְמַאכְט, דָאס זִיא אִיז שִׁיר דוּרְךְ דָאס פֶּענְסְטֶער אַרוֹיס גֶעפַאלִין, עֶס הָאבִּין אָבֶּער אִיר דֶער חַאפְּט, דֶער פָּאטֶער, ברוך. אוּנ דֶער חתן, אוּנ זַיינֶען אַזוֹ דוּרְךְ דֶעם גִיזֶעהֶען גֶעוָוארִין שׁוֹין פוּן דֶעם גַאנְצֶען נַארָאד, אוּנ עֶס אִיז גֶעוָוארִין אַזוֹ אַגְרוֹיסֶער קָאךְ "אָ אַיין יוּדֶען פַּאק קוּקְט אַרוֹיס פוּן דֶעם קֶענִיגְלִיכֶען פַּאלַאץ" הָאט מֶען אָנְגֶעהֵייבִּין צוּ שְׁרַייעֶן פוּן אַלֶע זַייטִין, "אָ זַייא שְׁפַּייעֶן אוֹיף אוּנְזֶערֶע נַייסְטְלִיכֶע. אוֹיף אוּנְזֶערֶע הֵיילִיגֶע בִּילְדֶער, נִידֶער מִיט דִיזֶען הוּנְדִין", נוּן פֶערְשְׁטֵייט זִיךְ שׁוֹין פוּן זֶעלְבְּסְט דָאס אַזֶעלְכֶע וֶוערְטֶער זַיינֶען גַאנְץ גֶענוּג, אוּנ פִילַייכְט נָאךְ צוּ פִיל אוּם אוֹיף צוּ רֵייצִין אַזוֹ אַיין פֶּעבֶּעל, עֶס הָאט נִיט לַאנְג גֶעדוֹיעֶרְט דָאס אַיין גְרוֹיסֶער הוֹיפִין פוּן דֶעם פֶּעבֶּעל זַיינֶען אַרוֹיף אוֹיף דִיא טְרֶעפּ פוּן דֶעם פַּאלַאץ מִיט גְרוֹיס לַארֶעם אוּנ הָאבִּין אָנְגֶעהֵייבִּין צוּ בְּרֶעכִין דִיא טִיר פוּן דֶעם צִימֶער וואוּ עֶס וַואר דִיא מלכה מִיט דֶעם אִיהְרִיגֶען, עֶס הָאט זֵייא אָבֶּער גִיקָאסְט גֶענוּג צַייט אוּנ מִיהֶע צוּ דָאקַאזֶען עֶס, דֶען דִיא טִיר וַואר זֵייעֶר פֶּעסְט צוּ גֶעשְׁלָאסִין, אוּנ דֶער וַוייל הָאט דֶער יאזעף צַייט גֶעהַאט צוּ אַנְטְלוֹיפִין מִיט דֶער מלכה, אוֹיךְ יאסען מִיט דֶעם ברוך דוּרְךְ אַהִינְטֶער טִיר וֶועלְכֶע מֶען הָאט בַּאלְד נָאךְ זֵייעֶר אַרוֹיס גֵיין ווִידֶער פֶּעסְט צוּ גֶעשְׁלָאסִין, אוּנ זַיינֶען אַזוֹ דוּרְךְ הִינְטֶער טְרֶעפּ אִין גַאס אַרוֹיס וָואס וַואר פוּל אוּנ פַּאק מִיט נַארָאד, אוּנ וַוארִין אַזוֹ אָפּ גֶעהַאלְטִין פוּן עֶטְלִיכֶע גֶעזוּנְטֶע חְלָאפֶּעס וָואס צְוֵייא פוּן זֵייא וַואר הַיינְצוּס אוּנ אקסבארען.

"אָ וִויא אִיךְ לֶעבֶּע" הָאט זִיךְ דֶער הַיינְצוּס אָפּ גֶערוּפִין, דָאס אִיז דִיא זֶעלְבִּיגֶע מוֹיד וָואס אִיךְ בִּין דוּרְךְ אִיר אַזוֹ קְרוּם אוּנ לָאם גֶעפְּרִיגֶעלְט גֶעוָוארִין, נוּן הָאבּ אִיךְ אִיר שׁוֹין אִין מַיינֶע הֶענְט, אוּנ וֶועל זִיךְ אַזוֹ מִיט אִיר אִיצוּנְד אָפּ רֶעכֶענֶען, אִיךְ וֶועל אִיר דִיא זֵייל אוֹיס קְוֶועצִין, אוּנ הָאט אִיר אַזוֹ אָנְגֶעהֵייבִּין צוּ שְׁטִיקֶען, קוֹים הָאט עֶר אִיר אָנְגֶעהֵייבִּין צוּ דְרִיקֶען הָאט אִים דֶער יאזעף אָנְגֶענוּמֶען פַאר בֵּיידֶע אוֹיעֶרִין אוּנ הָאט אִים אַדְרֵייא גֶעטָאן דֶעם קָאפּ מִיט אַזוֹ אַקְרַאפְט דָאס עֶר הָאט אִים דָאס גֶעזִיכְט צוּם נַאקִין אוּם גִיוֶוענְדֶעט, אוּנ דִיא אִיבֶּערִיגֶע וָואס הָאבִּין נִיט גֶעוואוּסְט דָאס עֶר אִיז אַיין יוּדֶע, דֶען עֶר וַואר גֶעקְלֵיידֶעט וִויא אַיין גְרוֹיסֶער רִיטֶער, הָאבִּין מִיט גְרוֹיס רֶעסְפֶּעקְט אָפּ גֶעטְרָאטִין אָן אַזַייט אוּנ הָאבִּין זִיךְ פַאר

וִויא אַיין פוּנְק פַייעֶר אוֹיף אַקאַסְטִין פּוּלְוֶוער, אוּנ עֶס וָואלְט דֶער וַוייסְט צוּ וָואס גֶעקוּמֶען וֶוען אֵיינֶע גְרוֹיסֶע קְלִינְגֶעבַייא וָואלְט נִיט צוּ שְׁלָאגִין דָא דֶעם גַאנְצֶען גֶעשְׁפְּרֶעךְ, אוּנ דֶער צוּ נָאךְ אַגְרוֹיסֶע פוֹיקֶעבַייא מִיט אֵיינֶער שַׁאלֶענְדֶע אוּנ רוֹישֶׁענְדֶע מוּזִיק, דֶען עֶס הָאט שׁוֹין אָנְגֶעהוֹיבִּין צוּא גֵיין דֶער חָאר פוּן דֶער קְרֵיינוּנְג פוּן פַּאלַאץ צוּ דֶער קַאטֶעדְרַאל קִירְכֶע, אוּנ עֶס אִיז אַזוֹ גִינַאנְגֶען מִיט גְרוֹיס פַּארַאד, אוּנ אַלְס דֶער קִינִיג זֶעלְבְּסְט הָאט אָנְגֶעהוֹיבִּין צוּ גֵיין הָאט זִיךְ דֶער ברוך מִיט נָאךְ דֶער זַיינִיגֶען אַרוֹיס גֶעבּוֹיגִין זֵייעֶר טִיף פוּן פֶּענְסְטֶער אוּם עֶס בֶּעסֶער צוּ זֶעהֶען. אוּנ אִיז דֶער וַוייל'ע גִיזֶעהֶען גִיוָוארִין פוּן דֶעם גְרוֹיסִין פֶּעבֶּעל, נוּן אִיז גִיוָוארִין אַלַארֶעם אוּנְטֶער זֵייא. דָאס אַגְרוֹיסֶער צָאל יוּדִין הָאבִּין זִיךְ אַרַיין גִינַגְבֶּעט אִין דֶעם קִינִיגְס שְׁלָאס אוּנ ווִילִין טָאן גָאט וַוייס וָואס פַּר בֵּייזֶעס, אוּנ עֶס הָאבִּין זִיךְ דוּרְךְ דֶעם פַּאר זַאמִילְט דָארְט זֵייעֶר פִיל פָאלְק וָואס הָאבִּין פַּאר מִישְׁט זֵייעֶר מָארְד גִישְׁרֵייא גֶעגֶין דֶעם ברוך מִיט דֶעם פְרֵיידִין גִישְׁרֵייא פוּן דֶעם פָאלְק וָואס הָאבִּין גִישְׁרִיעֶן „עֶס לֶעבֶּע דֶער קִינִיג", אוּנ דַאהֶער אִיז זִיךְ דֶער קִינִיג פָאר אִיבֶּער גִינַאנְגֶען פַּאר דִיזֶער חֶבְרָה זֵייעֶר רוּהִיג דֶען עֶר הָאט גִימֵיינְט דַאס דָאס אִיז דוּרְךְ אוֹיס נוּר אַיין פְרֵיידִין גִישְׁרֵייא.

אוּנ בֶּאֱמֶת וַואר דָארְט אִין צִימֶער פִיל מֶעהְר אַלְס דֶער אֵיינְצִיגֶער ברוך, עֶס וַואר דָארְט דִיא מלכה מִיט אִיר חתן אוּנ מִיט אִיר פָאטֶער יאסען וָואס הָאט זִיךְ גִילָאזְט דֶער צוּא אָן רֵיידִין פוּן דֶעם ברוך, נוּר דִיא הדסה נִיט, זֵייא זַיינֶען אַרַיין אַהִין מִיט דֶר עֶרְלוֹיבְּנִיס פוּן דֶעם גְרַאפִין זַאלִיסְבּוּרְיָא, זֵייא הָאבִּין אָן שְׁטָאט דִיא הדסה גִינוּמֶען דִיא מלכה נוּר דַאמִיט זִיא זָאל זִיךְ אַבִּיסִיל צוּ שְׁטְרַייעֶן (דָאס הֵייסְט זִיא זָאל אִירֶע קְרַאנְקְהַייט אַרוֹיס שְׁלָאגִין פוּן גִידַאנְקֶען), אוּנ דֶער חתן אִיז גִינַאנְגֶען נוּר צוּלִיבּ אִיר. אוּנ וַוארִין דָאךְ בֶּעהוּטְזַאם זִיךְ נִיט אַרוֹיס צוּ וַוייזִין דוּרְךְ דֶעם פֶּענְסְטֶער אוֹיסֶער דֶעם ברוך, אוֹיסֶער דִיא מלכה וָואס וַואר גַאנְץ קְרִיסְטְלִיךְ גִיקְלֵיידֶעט דָאס עֶס וַואר גָאר אוּם מֶעגְלִיךְ צוּ פֶערְשְׁטֵיין דָאס זִיא אִיז אַיין אִידֶעשׁ קִינְד. אוּנ הָאט זִיךְ אַרוֹיס גֶעלֵיינְט דוּרְךְ דֶעם פֶּענְסְטֶער, אוּנ הָאט אַזוֹ יֶעדֶען רִיטֶער וָואס הָאט פֶּערְבַּייא גֶערִיטֶען אַרַיין גֶעקוּקְט זֵייעֶר טִיף אִין גֶעזִיכְט אוּם הֶערְאוֹיס צוּ עֶרְקֶענֶען אִיר גֶעלִיבְּטֶען מערדוינס, אוּנ הָאט גֶעהַאט דָאס אוּמְגְלִיק צוּא עֶרְקֶענְט וֶוערִין פוּן דֶער עפפאי זֵייעֶר דִינֶערִין, וָואס הָאט אוֹיף דֶער שְׁטֶעלֶע אוֹיף גִיהֶעצֶעט אִיבֶּער נֵייעֶס דִיא גַאנְצֶע בַּאנְדֶע מִיט אִיר ווִילְדֶען גֶעשְׁרֵייא „וִויא אִיךְ לֶעבֶּע דָאס אִיז דָאס מֵיידְכֶען אִיבֶּער וֶועלְכֶע אוּנְזֶער [illegible] אִיז אַזוֹ שְׁטַארְק גֶעשְׁלָאגִין גֶעוָוארִין פוּן דֶעם רִיטֶער".

## 13.

## „דִיא קְרֵיינוּנְג“

אִין דֶעם דְרִיטֶען סֶעפְּטֶעמְבֶּער אִין דֶער פְּרִיא וַוארֶען דִיא גַאסִין פוּן לאנדאן פוּל פַּאר פַּאקְט מִיט מֶענְטְשִׁין וָואס וַוארִין גִיקְלֵיידֶעט יוֹם טוֹבְדִיק, מֶענֶער פְרוֹיֶען אוּנ קִינְדֶער הָאבִּין זִיךְ גֶעצוֹיגִין וִויא אַיין שְׁטְרָאם וַואסֶער צוּ דֶעם פַּאלַאץ וֶועסְט מִינְסְטֶער צוּ דֶער דָארְטִיגֶען קַאטֶעדְרַאל קִירְכֶע, אַלֶע פַּארַאדְנֶע גַאסִין דוּרְךְ וֶועלְכֶע עֶס הָאט גֶעדַארְפְט גֵיין דֶער קִינִיג צוּא דֶער קְרֵיינוּנְג וַוארֶען אוֹיס גֶעשְׁטֶעלְט מִיט גְרוֹיסֶע וַואכֶען אוּם אַיין צוּא הִיטֶען גְרוֹיס אָרְדֶענוּנְג, דֶער מִיטֶען פוּן דִיזֶע גַאסִין וַואר אוֹיס גֶעלֵייגְט מִיט רוֹיטֶען קַארְמֶעזִין וָואס דֶער נָאךְ זָאל עֶס גִיהֶערִין צוּ דֶעם המון עם, דֶער וַוייְלֶע וַואר אֵיינֶע אֵיינֶענְלוּסְט צוּ זֶעהֶען וִויא עֶס גֵייֶען אִין גְרוֹיס אָרְדֶענוּנְג גְרוֹיסֶע אוּנ שֵׁיינֶע דַאמֶען גִיקְלֵיידֶעט אִין סַאמֶעט אִין זַיידִינְס. אוּנ גֶעצִירְט מִיט פֶּערִיל אוּנ בּוּרְלַאנְטֶען, אוּנ פוּן בֵּיידֶע זַייטִין זַיינֶען גִיגַאנְגֶען פָארְנֶעהְמֶע הֶערִין גִיקְלֵיידֶעט אִין גָאלְדֶענֶע אוּנ זִילְבֶּערְנֶע פַּאנְצִירֶען מִיט טַייעֶרֶע דֶעגִינְס אִין דִיא הֶענְט, אוּנ אוֹיף דִיא קֶעפּ גֶעשְׁלִיפֶענֶע קַאסְקֶעס מִיט טַייעֶרֶע קִיטְקֶעס פֶּעדֶערִין.

הַארְט לֶעבִּין דֶעם פַּאלַאץ וַואר אַגְרוֹיסֶער גֶעדְרֵיינְג בִּיז צוּם דֶער שְׁפִּייקֶען. אוּנְטֶער דִיזֶעם הוֹיפִין מֶענְטְשִׁין וַואר אוֹיךְ אוּנְזֶער הַיינְץ מִיט זַיין פְּרוֹיא דִיא ראדריגע, דִיזֶע בֵּיידֶע הָאבִּין זִיךְ גִימַאכְט אַוֶועג דוּרְךְ דִיזֶע גֶעדְרֵיינְגֶענִים מִיט זֵייעֶרֶע שְׁפִּיצִיגֶע אֵיילֶענְבּוֹיגִינְס. אוּנ הָאבִּין זִיךְ אַזוֹ דֶער שְׁלָאגִין בִּיז דֶעם טוֹיעֶר וואו זֵייא הָאבִּין דֶער וִויסְט זֵייעֶרֶע אִיבֶּערִיגֶע חברה וָואס וַוארִין מִיט זֵייא דָארְטִין אִין דֶער בִּירְהַאלֶע אַלְס זֵיי הָאבִּין גִישְׁפְּרָאכִין דָארְטִין אִיבֶּער דִי יוּדִין, זֵייא הָאבִּין דֶער וִויסְט אוֹיךְ דִיא עפּפּאי דָארְטִין, אוּנ הָאבִּין אַזוֹ דָארְטִין בַּאנַייט זֵייעֶר אַלְטִין גִישְׁפְּרֶעךְ אִיבֶּער דִיא יוּדֶען, אוּנ דִיא עפּפּאי הָאט דֶער בַּייא אָן גֶעדַייטֶעט מִיט אִיר הַאנְט אוֹיף אַיין פֶּענְסְטֶער פוּן פַּאלַאץ דוּרְךְ וֶועלְכֶעם עֶס הָאט אַרוֹיס גֶעקוּקְט דֶער ברוך וָואס הָאט דֶעם קְלוּגֶען רַאט פוּן דֶעם יאסען אוּנ פוּן דֶעם רַבֵּינוּ תָּם נִיט גִיפָאלְגְט אוּנ אִיז פָּארְט אַהִין גִיגַאנְגֶען, „אָ הֵיילִיגֶער“ הָאט זִיא אוֹיס גִישְׁרִיעֶן „וויי אַזוֹ קוּמְט אַהֶער דֶער פֶּערְפְלוּכְטֶער בענעדיקטוס, אַיין יוּדֶע אִין דֶעם קִינִיגְלִיכֶען פַּאלַאץ אִיצוּנְד“, „אִיצוּנְד הָאט זִיךְ דִיא רָאדְרִיגֶע אָפּ גֶערוּפִין“, „אִיצוּנְד אִין דִיזֶער הֵיילִיגֶען שְׁטוּנְדֶע וָואס אַלֶע הֵיילִיגֶע גֵייֶען דָא אִיצוּנְד מִיט אוּנְזֶער גֶעזַאלְבְּטֶען“, דִיזֶע רֵייד הָאט גֶעווירְקְט אוֹיף דִיא גַאנְצֶע חברה

דִיא נַאסִין נִיט וַיייזִין , אוּנ מִיר וֶועלִין זִיךְ לוּסְטִיג מַאכִין צוּ הוֹיז . אִיךְ אָבֶּער
אוּם צוּ מַאכִין אַשְׁפַּאס אַייךְ , אוּנ אוּם נוּר צוּ וַייזִין וָואס דֶער ברוך קֶען ,
וֶועל אִיךְ אוּנְזֶערֶע צֶעהֶען מִיט זִיךְ נֶעמֶען אִין דֶעם פַּאלַאץ פוּן דִיא קֶנִיגִין ,
אוּם גְרַאדֶע פוּן דָארְטִין הֶערְוֹיס דִיא פַּארַאדֶע צוּ זֶעהֶען , דֶען דִיא קֶנִיגִין
אִיז זֵייעֶר גוּט צוּ מַיין הדסה , אוּנ הָאט אִיר פֶערְשְׁפְּרָאכִין צוּא גֶעבִּין אַיין
בַּאזוּנְדֶרִין צִימֶער דוּרְךְ וֶועלְכִין זִיא זָאל עֶס קֶענֶען זֶעהֶן אִין גַאנְצִין , דֶער
בִּישׁוּף פּוּדזיייע הָאט עֶס אֲפִילוּ נִיט גֶעוָואלְט לַיידִין , דִיא קֶנִיגִין אָבֶּער הָאט
אִים דֶער פַּאר זֵייעֶר גוּט מְכַבֵּד גִיוֶועֶן , דָאס עֶר הָאט זִיךְ גִיקְרַאצְט אִין
פַּאטִילְנֶעצֶע .

אוּנ אִיךְ זָאג נַיין „הָאט זִיךְ דֶער יאסען אָפּ גֶערוּפִין“ מֶען זָאל דוּרְךְ
אוֹיס דֶעם מִינִיסְטֶער פָּאלְגִין , דֶען מֶען מוּז אִין דִיזֶער צַייט זַיין זֵייעֶר
אַסְטְרָאזְנֶע „אִין דֶעם פַּאלַאץ פוּן דִיא קֶנִיגִין הָאט זִיךְ דֶער ברוך אָפּ גִירוּפִין“
זַיינֶען מִיר גֶעזִיכֶערְט פִיל מֶעהְר אַלְס אִין אוּנְזֶערֶע הַייזֶער , דֶען וֶוער קֶען
זִיךְ וַואגִין אוּנְז דָארְטִין אַיין עֶטְוָואס צוּ בֶּעלֵיידִיגִין , „אוּנ דָאךְ אִיז גְלַייכֶער
דָאס אִיר זָאלְט אַהִין נִיט גֵיין“ הָאט זִיךְ דֶער רַבֵּינוּ תַּם אָפּ גֶערוּפִין , דֶען
מִיר הָאבִין שׁוֹין אִין אוּנְזֶערֶע מְקוֹמוֹת זֵייעֶר פִיל טְרוֹיעֶרִיגֶע בַּייא שְׁפִּילֶע
דֶער לֶעבְּט דוּרְךְ אַזֶעלְכֶע קְלֵיינִיגְקַייטִין , לְמָשָׁל וִויא דוּרְךְ דָאס לַייפִין זֶעהֶן
אַיין פְּרָאצֶעסֶע , אַיין קְרָאנַאצְיֶע אָדֶער אַיין אַנְדֶער פַּארַאד , אוּנ בִּפְרָט
נָאךְ אִיצוּנְד וָואס גֵייעֶן אוּם אִין דִיא גַאסִין טוֹיזִינְדֶע קְרַייצְפַאהְרֶער הוּנְגֶערִיגֶע
אוּנ דֶער צוּ פַּאר קָאכְטֶע אִין אמוּנה זַאכִין , עֶס דַארְף זִיךְ נוּר אֵיינֶער פוּן
זֵייא פַּאר צֶעפִין מִיט אַיין אִידֶען , דַאן וֶועט אַרוֹיס פְלַאצִין דֶער פוּן אֵיינֶע
גְרוֹיסֶע בְּלוּט פַּאר גִיסוּנְג .

אוּנ אַזוֹ הָאט יֶעדֶערֶער פוּן דִיא גֶעסְטֶע דֶער צֵיילְט אַיין אַנְדֶער
גֶעשִׁיכְטֶע וָואס עֶס הָאט גֶעטְרָאפִין אִין זַיין אָרְט דוּרְךְ אַזוֹ אַיין צוּפַאל ,
אוּנ עֶס וַואר דֶער בַּייא גִיקְרֶעכְצֶעט , גֶעזִיפְצֶעט , גֶעאָכְצֶעט , אוּנ גִירֶעט
גֶעוָוארִין פוּן דֶעם אִידֶעשִׁין שְׁטַאנְד , אוּנ אִיבֶּער זֵייעֶר תַּכְלִית בִּיז אִין
שְׁפֶּעטִין אָוִוינְד , אוּנ דֶער רַבֵּינוּ תַּם הָאט דֶער בַּייא גִימַאכְט אַיין גִישְׁפְּרֶעךְ
אִין וֶועלְכִין עֶר הָאט דָאס אִידֶעשֶׁע פָאלְק פַּאר גְלַיכִין צוּ אֵיינֶעם גְרוֹיסִין
פּוּסְטִין פַּאלַאץ וָואס שְׁטֵייט לֶעבִּין אִים אֵיינֶע קֶנִינְגְלִיכֶע וַואךְ חָאס לָאזְט
אִים נִיט אַיין פַּאלֶען נִיט בְּרֶעכִין אוּנ אוֹיךְ נִיט רַאפֶּערִירֶען , אוּנ קֵיינֶער
תַּיים נִיט צוּ וָואס מֶען בְּרוֹיכְט אִים אוֹיסֶער דֶער קֶנִיג אַלֵיין .

(סלכה)

אונ אִיךְ וֶועל אָנְשְׁטָאט דִיר אַהִין גֵיין , דִיא קִינִיגִין ווִירְד דִיךְ דַאן נִיט זֶעהֶן דֶער מִינִיסְטֶער אוֹיךְ נִיט . אונ דֶער בֶּעדִינְטֶער קֶען דָאךְ נִיט דִיר אונ נִיט מִיר , נוּן ווִירְד דָאךְ זַיין בַּייא אִים גְלַייךְ צוּ אִיךְ צוּ דוּא , דוּרְךְ דִיזֶעם פֶּענְסְטֶער וֶוערְדֶע אִיךְ שׁוֹין הָאבִּין אֵיינֶע נוּטֶע גִילֶעגֶענְהַייט צוּ זֶעהֶען אַלֶע פָּארְנֶעהְמֶע רִיטֶער , אַלֶע בַּארָאנֶען , אַלֶע לָארְדִין , ווָאס וֶועלִין פֶּערְגֶעוִוים מִיט גֵיין צוּ דֶער פַּארַאדֶע , נוּן וֶועט דָארְט פֶּערְגֶעוִוים מַיין מערדוינט אוֹיךְ נִיט פֶּעלִין . דֶען עֶר אִיז אֵיינֶער פוּן דִיא גְרֶעסְטֶע , אונ אִיז אַשֵׁיינֶער יוּנְגֶער הֶער , אִיךְ וֶוערְדֶע אִים פוּן דִיא טוֹיזֶענְדֶערְטֶן זַיינֶעם גְלַייכִין הֶערְבֵּאוִּים עֶרְקֶענֶען , אָ אִיךְ הֶעטֶע אִים נָאךְ אֵיינְמָאל גִיזֶעהֶען , עֶר מָאג נָאךְ אַמָאל אַזוֹ פַאלְשׁ זַיין , אִיךְ שְׁמַאכְטֶע נָאךְ אִים ווִיא אֵיינֶע דוּרְסְטִינֶע אִינְדִין נָאךְ קַאלְטֶעם וַואסֶער , אִיךְ וֶוערְדֶע דַאן נָאךְ שְׁפִּירֶען זַיין וואוּנוּנְג אונ וֶוערְדֶע . . .

גוּט , עֶס קֶען אָן גֵיין , הָאט אִיר דִיא הדסה גִיעֶנְטְפֶערְט , דָאךְ אָבֶּער מִיט דֶעם בֶּעדִינְג דָאס וֶוען דוּא וֶועסְט זִיךְ ווִירְקְלִיךְ אִיבֶּערְצַייגִין דָאס עֶר אִיז דִיר פַאלְשׁ , זָאלְסְטוּ זִיךְ פוּן דִיזֶעם פֶּערְבָּאטֶענֶעם רָאמַנְס אוֹיס גִיכְטֶערִין אונ צוּ דַיינֶעם חתן צוּרִיק קֶערִין , „אִיךְ פַאר שְׁפְּרֶעכֶע דִיר עֶס טַייעֶרֶע הדסה" הָאט זִיא אִיר גִיעֶנְטְפֶערְט , אונ דִיזֶעם אִיז נָאךְ דֶער אֵיינְצִיגֶער מִיטֶעל וָואס מִיךְ הֶעטִין קֶען .

## 12.

## „אַיין גִישְׁפְּרֶעךְ בַּייא דֶעם שָׁלֹשׁ סְעוּדוֹת"

אונ עֶס וַואר נָאךְ מִנְחָה הָאט זִיךְ דֶער גְרֶעסְטֶער עוֹלָם צוּזַאמֶען גֶעקְלִיבֶּען צוּ דָעם בענעדיקטוס אִין שְׁטוּב . עֶס וַוארִין דָארְט אַלֶע אִידֶעשֶׁע דֶעפּוּטִירְטֶע פוּן אַלֶע איינגעלשע שְׁטֶעט , אוֹיךְ דֶר רַבֵּינוּ תַּם , עֶס וַואר אִין אָנְפַאנְג גֶעזָאגְט דָארְט תּוֹרָה . אונ דֶער נָאךְ הָאט מֶען גִירֶעט פוּן כְּלַל זַאכִין , אונ דֶער ברוך הָאט דֶער בַּייא דֶער צֵיילְט דֶעם גִישְׁפְּרֶעךְ וָואס עֶר הָאט גֶעהַאט מִיט דֶעם מִינִיסְטֶער פּוּדזייע , דָאס דֶער איינגעלשער נַארָאד זַיינֶען הָעכְסְט אוֹיף גִיבְּרַאכְט אוֹיף אִידִין , אונ דַאהֶער אִיז זַייעֶר רַאטְזַאם דָאס קַיין אִיד זָאל זִיךְ נִיט תַּייזִין בַּייא דֶער קְרֵיינוּנְג וָואס עֶס וֶועט דָא אוּם גֶעזַאמְט זַיין , אונ עֶר הָאט זִיךְ דֶער בַּייא זַייעֶר לוּכְטִיג גִימַאכְט , אוּנ הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא אַלֶע וָואס וַוארִין אִין דֶער גֶעזֶעלְשַׁאפְט אַז מֶען זָאל זִיךְ אִין

תַּאר עֶר בַּייא זִיךְ שׁוֹין בֶּעשְׁלָאסִין דִיזֶעס אוֹיךְ צוּ טָאן · דֶען וָואס טוּעֶן נִיט עֶלְטֶערִין אוּם צוּ דֶער הַאלְטִין דָאס לֶעבִּין פוּן אֵיינֶעם אֵיינְצִינִין קִינְד , אוּנ אִיז אוּמְגִינַאנְגֶען פַאר וואוּנְדֶעט מִיט דִיזֶער פַאר פִינְסְטֶערְטֶע זָארְג וִויא אַיין פַאר וואוּנְדֶעטֶער הִירְשׁ מִיט דֶער פַייל וָואס שְׁטֶעקְט אִין זַיינֶער זַייט , דָאס עֶר גֶעפִינְט זִיךְ קַיין אָרְט אוּנ עֶס וֶוערְט אִים דֶער גְרֶעסְטֶער וַואלְד צוּ אֵיינְג , אוּנ הָאט בַּאלְד וִויא עֶר אִיז אַרוֹיס פוּן אִיר אַרַיין גֶעשִׁיקְט צוּא אִיר דִיא הדסה .

אוּנ עֶס וַואר אַלְס דִיא הדסה אִיז אַרַיין צוּ אִיר אִין צִימֶער , הָאט מלכה גֶעהֵייסִין אִיר קַאמֶער מֵיידְכֶען אָפּ טְרֶעטִין , אוּנ אַלְס זִיא אִיז גֶעבְּלִיבִּין מִיט אִיר אַלֵיין , הָאט זִיא זִיךְ אָפּ גֶערוּפִין צוּ אִיר , לִיבֶּע הדסה דוּא בִּיזְט דִיא אֵיינְצִיגֶע אוֹיף דֶעם עֶרְדֶענְרוּנְד פַאר וֶועלְכֶע אִיךְ קֶען נָאךְ מַיין הֶערְץ אוֹיס גִיסִין , אוּנ וֶוערְדֶע עֶס יֶעצְט וִוירְקְלִיךְ טָאן , זַאיי וִויסִין דָאס דִיא אנא דִיזֶע אַלְטֶע הָאט מִיר אַיין שְׁפִּיז אַרַיין גִיזֶעצְט אִין מַיין הַארְצִין מִיט אִיהְרֶע קְלֵיינֶע נַאכְרִיכְט פוּן דֶער קִיטִי , אוּנ וֶוערְדֶע פֶערְגֶעוִוים פוּן דֶער שְׁרֶעקְלִיכֶע וואוּנְדֶע שְׁטַארְבִּין , דֶען אִיצוּנְד וַויים אִיךְ שׁוֹין וואוּ אִיךְ בִּין אִין דֶער וֶועלְט , אִיךְ בִּין אַיין שְׁפִּיל נוּר אִין דִיא הֶענְט פוּן אֵיינֶעם פַאלְשִׁין מֶענְטְשִׁין , גְרוֹיסֶער גָאט עֶרְבַּארֶעמֶע דִיךְ אִיבֶּער מִיר , דַיינֶע שְׁטְרָאפֶע אִיז צוּ הַארְבּ פַאר מִיר , אָ טַייֶערֶע הדסה , וֶוער וֶועט קֶענֶען גְלֵייבִּין דָאס אַזוֹ אַזִים מוֹיל וִויא זַיינֶע אִיז זָאל נוּר חַנִפֶּענֶן זָאל פַאלְשׁ שְׁוֶוערִין , נוּן זָאלִין שׁוֹין דִיא לִיכְטִיגֶע אֵיינְגֶעלִין אוֹיךְ טְרִיגִין , אָ עֶס צוּ פַאלִין אִין מִיר אַלֶע יְסוֹדוֹת פוּן מַיינֶעם צוּטְרוֹיעֶן בַּייא דִיזֶעם שְׁרֶעקְלִיכֶען גִידַאנְקֶען , דֶען עֶס אִיז שׁוֹין קֵיינֶעם צוּא טְרוֹיעֶן , קֵיינֶעם צוּ גְלוֹיבִּין , גֶעוִוים הדסה , וִויא אִיךְ הָאבּ אוֹיס גִירֶעכִינְט צַייט אוּנ אוּמְשְׁטֶענְדֶע , אִיז עֶס שׁוֹין בַּייא מִיר קְלָאר דַאס דָאס אִיז מַיין רֶעטֶער זֶעלְבְּסְט מַיין גֶעלִיבְּטֶער מערדוינט , אוּנ קַיין נַאמֶענְבְּרוּדֶער , אוּנ דָאךְ וִוילְט זִיךְ מִיר נָאךְ אַלְץ צְוֵוייפְלֶען אִין דֶעם , אוּנ דִיזֶער צְוֵוייפֶעל וֶועט מִיר מַאכִין אַיין פְרִיהֶען צַייטִיגֶען קבר , אִיךְ וַוייל גִיווִיסְהַייט הָאבִּין , «אוּנ וִויא קֶען אִיךְ עֶס דִיר פַאר שַׁאפִין הָאט אִיר דִיא הדסה גִיעֶנְטְפֶערְט» , «אָ דוּא קֶענְסְט מִיר עֶס זֵייעֶר לַייכְט פַאר שַׁאפִין» הָאט זִיךְ דִיא מלכה אָפּ גֶערוּפִין , דִיא קִינִיגִין אִיז דִיר דָאךְ ...עֶר גוּט . אוּנ הָאט דִיר פֶערְשְׁפְּרָאכִין אַלְס דוּא הָאסְט אִיר אָפּ גֶעטְרָאגִין דִיא אַרְבַּייט אָפּ צוּ גֶעבִּין דִיר אַיין בֶּעזוּנְדֶער צִימֶער מִיט אַיין פֶענְסְטֶער אִין נַאס דוּרְךְ וֶועלְכִין דוּא זָאלְסְט זֶעהֶען דִיא פַארַאדֶע פוּן דֶער קְרָאנַאצְיֶע , דוּא הָאסְט דֶער צוּ אַבֶּעזוּנְדֶערִין בִּילֶעט , נוּא וֶוען דוּא מִיר וִוירְקְלִיךְ גוּט בִּיזְט זָאלְסְטוּ מִיר דַיין בִּילֶעט גֶעבִּין ,

ערציטערט, אונ איז באלד אריין צוא זיין טאכטער אונ האט איר קלאר
געמאכט וואו זיא האלט מיט איר לעבין, אונ האט אזו פערלאנגט פון איר
דאס זיא זאל אים איר גאנצעס הערץ אויס זאגין, „א ליבער הערצינגער
פאטער“ האט זיא זיך אפ גערופין, איך בין אגרויסע זינדערין איך בין ניט
ווערט דאס דוא זאלסט מיר ליבען, אדער אזו גאר אום מיר זיך קימערין,
א איך האב אייך אום אזו פיל פריידין בעטראגין, א מיינע ליבע מלכה
האט ער זיך צו איר אפ גערופין, ניט פאר געם דאס דוא ביזט דאך אונזער
איינציגעס קינד, מיר זיינען בריית אלעס צו פערצייהען דיר, עס איז נאך
קיין פאר ברעכין דא אין דער וועלט וואס דיא בארעמהארציגקייט פון
אזעלכע הייסע עלטערין וויא מיר זיינען זאל עס ניט קענען פאר געבין, נון
מלכה זייא זיך מודה פאר אונז אונ רעטירע דיך אונ אונז, דען דיין לעבין
איז אונזער לעבין, דיזעס רייענדיג האט ער דער בייא געוויינט אונ
באנעצט איר קאפענקיסען מיט זיינע הייסע טרערין, אונ דאס האט שוין
דיא מלכה ניט גיקענט אויס האלטין, אונ האט צו אים געזאגט ליבער
פאטער עס טוט מיר לייד אום אייך, איר זאלט עס וויסין אבער ניט היינט
אונ אויך ניט מארגין, אין איינע טאגען ערסט, אונ אויך ניט פון מיינעם
אייגענעם מונד זאלט איר עס הערין, נור דורך דיא הדסען, דען מיר
אליין פעלט עס אן מוטה, נון וועלין מיר אונז שוין גערולדין האט איר דער
פאטער גיענטפערט מיט איינעם טיפין זיפצין, נור דער וויילע מיין קינד
האט ער צו איר ווייטער געזאגט, ווערדע איך אריין שיקען צו דיר דיין חתן
אונ דיא הדסה דאס זייא זאלין דיך איין עטוואס פריילך מאכין, גיין
ליבער פאטער האט זיא אים גיענטפערט גענוג דיא הדסה אליין, פון
דיזען אנטווארט האט דער פאטער שוין אנגעהייבין צו שליסען דאס זיא
איז מיט דעם חתן אונצופרידען, אונ וואר עס אזו געווים נאך בעפאר דער
חתן איז נאך געקומען קיין לאנדאן, דען זיא האט דאך אנגעהייבין צוא
קריינקען שוין בעפאר זיא האט נאך אים גאר גיזעהן, נון מוז זיא גיווים זיין
פערליבט אין איינעם אנדערין, נון גאט וויים ווער דער איינער אנדערער איז.

דיזער גיפערליכער גידאנקען איז אים איצונד וויא איין בליץ דורך
געלאפין דורך זיין קלוגע קאפ, ער האט עס פערשטאנען פון דעם גרויסין
ווידער ווילין מיט וועלכין זיא האט געזאגט דיא ווערטער. גיין ליבער
פאטער דיא הדסה אליין, נון האט אים זייער לייד געטאן דאס ער זאל
דארפין דיזען יאזעף אבודאל איין לאזין, אונ אנשטאט אים איר צו פירען
איינעם אנדערין וואס איז פיליכט זיינע אלטע שיך ניט ווערט. אונ דאך

ביז זיא האט אויף געעפינט דיא אויגין אונ איז צו זיך גיקומען . אונ דאן האט זיא זיך פון איינאנדער געוויינט אונ האט אויס געגאסין איינען הייסין שטראם טרערין «א דאס איז גוט» האט זיך דאן דיא אנא אפ גירופין , דען דאס ווייגען ערלייכטעט זייער פיל דאס הערץ , זיא האט שפאזמען שוואכע גערפען . נון האט איר דיא געשיכטע פון דער קיטי מיט דעם מערדוינט זייער שטארק פאר קלעמט אונ דאס הארץ פאר קוועצט , דיא קיטי איז אבער בעסער ניט ווערט שאדע דס מען זאל זיך גאר אום אזעלכע קימערין .

ניין טייערע אנא האט זיך דיא מלכה אפ גערופין . ניט דאס אומגליק פון דער קיטי האט מיך דא צו דער ערד געבייגט , ניין , נור דער נאמען «מערדוינט» מיט וועלכין איר האט גינענט איר פאר פירער דען אזו הייסט אויך מיין רעטער , נון ווען אזו איינער זאל אזו איין פאר פירער קענען זיין , דא זיינען שוין דיא הימעלשע מלאכים אויך ניט ריין אין מיינע אויגין , א גיין מיינע ליבע מלכה , האט זיך דיא אנא אפ גערופין צו איר . ניין , דיזער בעטריגער איז נור איין נאמען ברודער פון אים (דאס הייסט ער האט נור איין גלייכין נאמען) . דיין רעטער אבער איז פיל מעהר אלס איין ריטער , ער איז אגרויסער הער אונ וואר דאן נור פאר שטעלט פאר איין ריטער , אונ ניט אזו אמאן וואלט זיך בעגעבין צו דער גימיינע קיטי וואס וואר נור איינע געמיינע בירגער טאכטער , איינע כלה פון איינעם גימיינעם יונגען מאן וויא מיין זון איז , א קיין גידאנקען מיינע ליבע מלכה . דיין רעטער איז איין גרויסער היילינגער מאן . אונ בעפלעקע אזו אים ניט מיט דיזעם אונריינעם גידאנקען .

דאך דיזע טרייסטונג ווערטער האבין גאנץ ווייניג געווירקט אויף דיא מלכה , דען זיא איז געווארין דער פון שרעקליך קראנק , זיא איז קוים דער קראכין אהיים אונ האט זיך אריין געלייגט אין בעט , אונ אלס מען האט געשיקט נאך דעם רבי נחמיה דעם דאקטאר אונ האט איר בעזעהן , האט ער דעם פאטער ארויס געזאגט דיא ריינע ווארהייט דאס עס האלט מיט איר זייער שלעכט , זיא האט איינע געמיטס קראנקהייט האט ער אים געזאגט , וואס וועט איר אין קורצען פארצערין קערפער אונ זייל , איין געהיימער קימער גריזעט איר וויא איין גיפטיגער ווארים , נון איז דער איינציגער מיטעל דער צו דאס איר זאלט עס פון איר דער גיין פילייכט וועט איר קענען איר וואונטש ערפילען , אונ דאן קען זיא ווידער אויף בליהען וויא פריער , נאך איז עס קורץ דיא צייט , מאכט קיין שהיות .

דיזע ווערטער פון דעם רבי נחמיה האבין דעם פאטער העכסט

«אָ לִיבֶּע מלכה» הָאט זִיךְ דִיא אנא מערידיט אָפּ גֶערוּפִין צוּ אִיר, פַאר גְלַייךְ נִיט דַיין אוּמְגְלִיק צוּ מַיינֶעם, דֶען אִיךְ בִּין פִיל אוּמְגְלִיקְלִיכֶער אַלְס דוּא, אִיךְ הָאבּ פִיל גֶעלִיטֶען אִין מַיין יוּגֶענְד, אִיךְ הָאבּ פֶערְלָארֶען אַיין מַאן וָואס וַואר מִיר פִיל מֶעהְר אַלְס דַיין אוּנְגֶעוִויסֶער גֶעלִיבְּטֶער, אִיךְ הָאבּ פֶערְלָארִין קִינְדֶער, פֶערְמֶעגִין, אִיךְ הָאבּ פֶערְלֶעבְּט שְׁלֶעכְטֶע יָארִין אָן פְרֵיידִין, מֶער אַלְס דִינְסְט אַלְס אֵיינֶע פְרַייֶע, אוּנ בִּין דָאךְ פוּן גְרוֹיסִין אַדֶעל, אוּנ נוּן בִּין אִיךְ שׁוֹין נִיט מֶער יוּנְג. אִיךְ הָאבּ מִיךְ מִיט דֶער וֶועלְט שׁוֹין אָפּ גֶעקְוַואטִירְט אוּנ וָואלְטֶע נוּר רוּהִיגֶע טַאגֶע אִין מַיינֶעם עֶלְטֶער עֶרְלֶעבִּין. אוּנ וֶוערְדֶע דִיזֶעם אוֹיךְ נִיט הָאבִּין, דֶען מַיין זוּן בְּלַייבְּט שׁוֹין אוֹיף אִימֶער אוּנ אֵייבִּיג אֵיינְזַאם, דֶען עֶר וִויל שׁוֹין נָאךְ דִיא קִיטֶען קֵיינֶע אַנְדֶערֶע נֶעמֶען, אוּנ הָאט בֶּעשְׁלָאסִין צוּ פֶערְלֶעבִּין זַיינֶע יָארִין אִין קִימֶער אוּנ אִין טְרוֹיעֶר, דֶען עֶר וִויל אִיר בֶּעוֵויינֶען בִּיז אִין גְרַאבּ, עֶס פַאר צֶערִין מִיךְ זַיינֶע שְׁטֶענְדִיגֶע קְלָאג גֶעשְׁרֵייעֶן וָואס עֶר שְׁרַייט אוּם גֵייעֶנְדִיג אִיבֶּערִין שְׁטוּבּ אִין דִיא שְׁטִילֶע נֶעכְט, מַיינֶע טַייעֶרֶע, מַיינֶע לִיבֶּע קִיטִי. אָ טַייעֶרֶע מלכה זִיא וַואר אַזוֹי זַיינֶע וִויא דַיינֶע, זִיא וַואר דָאךְ אִים אוּנְטְרַייא, זִיא הָאט דָאךְ אֵיינֶעם אַנְדֶערִין גֶעלִיבְּט, אוּנ דִיא אוּנְטְרַייהַייט הָאט אִיר דֶעם טוֹיט גֶעמַאכְט, דֶער גְרוֹיסֶער גָאט הָאט זִיךְ נוֹקֵם גִיוֶועןְ אָן אִיר פַאר אִיר פַאלְשֶׁע שְׁבוּעָה, אָ דִיזֶע אוּנגְלִיקְלִיכֶע הָאט זִיךְ גֶעלָאזְט פַאר פִיהְרֶען דוּרְךְ אֵיינֶעם יוּנְגֶען בֶּעטְרִיגֶער, דוּרְךְ אֵיינֶעם הֶערִין פוּן גְרוֹיסִין שְׁטַאנְד, עֶר הָאט אִיר פֶערְשְׁפְּרָאכִין צוּ נֶעמֶען, אוּנ אַם עֶנְדֶע אַלְס אִיהְרֶע הָאפֶענוּנְג אִיז צוּ וַואסֶער גִיוָוארִין הָאט זִיא זִיךְ זֶעלְבְּסְט אִין וַואסֶער אַרַיין גִיוָוארְפִין אוּנ הָאט זִיךְ דֶער טְרוּנְקֶען, וִויא מֶען זָאגְט זָאל דֶר פַאר פִיהְרֶער אַהוֹיפְּט מַאן זַיין.

«אָ עֶס אִיז נָאר אוּנְגְלוֹיבְּלִיךְ» הָאט זִיךְ דִיא מלכה אָפּ גֶערוּפִין, דָאס אַמֶענְטְשׁ זָאל קֶענֶען אַזוֹ וַוייט פַאלְשׁ זַיין, אוּנ עֶס אִיז דָאךְ מֶעהְר אַלְס גֶעוִוים. הָאט זִיךְ דִיא מערידיט אָפּ גֶערוּפִין, אִיךְ וֵויים אַזוֹ גָאר וִויא מֶען רוּפְט דִיזֶען פַאר פִיהְרֶער, עֶר הֵייסְט מערדוינט «מערדוינט»! הָאט זִיךְ דִיא מלכה אָפּ גֶערוּפִין מִיט אֵיינֶעם ווִילְדֶען אוּנ שְׁרֶעקְלִיכֶען גֶעשְׁרֵייא אוּנ אִיז גֶעפַאלִין צוּ דֶער עֶרְד, «אָ אִיר הֵיילִיגִין שְׁטֵייט אוּנְז בַּייא» הָאט דִיא אנא אוּים גֶעשְׁרִיעֶן אוּנ דִיא הדסה הָאט אָנְגֶעהֵייבִּין צוּ שְׁרַייעֶן, אָ וֵויהֶע וֵויהֶע מִיר זִיא שְׁטַארְבְּט, אוּנ הָאבִּין אִיר אַזוֹ אָנְגֶעהֵייבִּין צוּ מִינְטֶערִין, דֶען זִיא אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אִין אַנְגְרוֹיסִין אוּנְמַאכְט, זֵייא הָאבִּין אִיר אָפּ גֶעשְׁפִּילֶעוֶועט אוּנ אָפּ גֶעקְנִיפְּט דִיא קְלֵיידֶער, הָאבִּין אִיר גֶעשְׁפְּרִיצְט קַאלְטֶעם וַואסֶער אִין גֶעזִיכְט, אוּנ דָאס גְלַייכִין נָאךְ אַנְדֶערֶע גֶעוואוֹינְלִיכֶע מִיטְלֶען גֶעטָאן

דעם גרויסן ראבינער רבינו תם, איז זיך די הדסה און מלכה און ! יאנא מערידיט אויס גינאנגען שפאצירען אין פרייען לופט, דאמיט דיא קראנקע מלכה זאל גענעסען פרישען וועטער, דיזע אלע דרייא אבער וואר'ן דאן העכסט בעקימערט, און האבין אלע ווייל'ע זייערע אויגן גיוויישט, און דאס וואר ווייל דיא אנא מערידיט איז געקומען צו זייא נור אום צו נעמען אפ שייד פון זייא אויף אימער און אייביג. דען נאך אין איינינע טאגען וועט זיא אפ פארין מיט איהר זון קיין טוזהיל וואו ער איז בעשטימט פון קיניג צו זיין איין פארשט מייסטער, און דאס איז וייט פון לאנדאן אכציג מייל, עס וואר אונטער זייא איין לאנגער טרויעריגער גישפרעך און זייער פיל געוויינט, דען דיא אנא מערידיט וואר זייא ליב און טייער וויא איינע מוטער, און זייא איר וויא עכטע קינדער, און יעדערע פון זייא דרייען האט אויס געגאסין איר געמיט אין דער ברוסט פון דעם אנדערין דאס עס וואר הערצברייפענד עס צו הערין און פשיטא שוין עס צו בעשרייבין, און מיר ווערדען דאהער נור איין עטוואס דער פון מיט טיילין, דאס הייסט אזו פיל וואס מיר ברויכין עס צו וויסין צו אונזער געשיכטע, א ליבע אנא, האט זיך דיא מלכה אפ גערופין צו איר, איר האט געמאכט מיט מיר איין אונגליכין בייט, איך האב אייך גרעסערע זארגין מיט געטיילט אלס איר מיר, עס איז אייך צו בעדויערין נור וואס איר דארפט אייך שיידין פון מיר, ווייטער אבער וויד אייך דארט בייא אייער זון גאנץ גוט זיין, איר וועט אייך דארט לעבין אין דעם טיפין און שטילען שויס פון דער נאטור, אין איינעם רוהיגין וואלד וייט פון טרוג און לוג, איר וועט ניט זעהען קיין עלענד קיין אומגליק, איר וועט דארטען אין שטילען מיט אייער גאט זיך בעשפרעכין, מיט אייערעם געוויסען פעראיינען, און וועט אזו מיט רעכט קענען האפין אויף אייער רוהיגעם עלטער און אויף אייער זעליגעם לעבין נאך אייער טויט. ניט אזו איך מיינע טייערע אנא, איך פערבלייבע וואו איך וויל ניכט איינע נאכט פערזאמען, איך בין איינע זינדערין געגין גאט געגין מיינע עלטערין צו ריסין מיט זיך אליין, איך בלייב אהנע האפענונג אין דיזעם לעבין און אין יענעם לעבין, איך בין קראנק, מיין נייכט איז אויס גילאסין, א מיין מערדוינט, ער איז גיוויס אומגיקומען, איך הער שוין ניט אזו א צייט פון אים, זאנסט וואלט ער זיך שוין גיזעהען מיט מיר, געשריבען, געגריסט, א ער איז שוין ניכט מעהר, און אזו ווערדע איך אויך שוין ניט מעהר זיין, און ווינצע עס פון גאנצין הערצען אום זיך דארט צו פאר איינינען מיט אים צו אין הימעל צו אין דער העלע.

בליטהיג, אונ האט אים אויס געמידין וויא נור מעגליך, אונ דיא הדסה וואר גראדע דער היפך פון איר, דען זיא פלעגט אים נאך צו גיין וויא זיין שאטין אונ פלעגט אים אימער טיף אין געזיכט ארײן קוקין, אונ דאס האט זיך שוין אזו גידויערט אײניגע וואכין ביז דיזע ביידע דאס הייסט יאזעף אונ הדסה האבין זיך אײנער אין דעם אנדערין פערליבט ניט אויס זאנגענדיג זיך אײן ווארט דער פון.

אזו זיינען זיך דיא זאכין דאן דארט אין איר פאטערס הויז גישטאנען אלס דיא הדסה וואר גערופין צו דיא קיניגין, אונ דאס איז דיא אורזאכע פון איר מודה זיך זיין פאר איר דאס זיא איז פערליבט אין דעם יאזעף אבודעל, זיא וואר דאן רויט פון בושה אונ געציטערט פון שרעק עס אויס צוא שפרעכין, ווייל זיא האט עס געהאלטין פאר אײנע גרויסע זינד צוא פערלאנגען אזו אײנעם וואס איז בעשטימט פאר אײנער אנדערע, אונ האט דאהער ביא זיך בעשלאסין ניט צו דער ציילין דעם פאטער קיין ווארט פון אלעם דאס וואס דיא קיניגין האט דא מיט איר גישפראכין אונ איז ארויס צו אים גאנץ רוהיג אונ מונטער.

גאט זאיי דאנק דאס איך זעה דיר ווידער מיין קינד, האט זיך דער פאטער צו איר אפ גערופין אלס ער האט איר דער זעהן, איך פרייא מיך מיט דיר איצונד וויא אונזער פאטער אברהם אמאל מיט זיינעם זון יצחק אלס ער האט אים צוריק פון דער עקדה געפירט אלעבעדיגין. א מעכטין מיר דיינע מוטער אגעזונטע אין דער היים דער ווּיסין, זיא וויים דאך געבעך ניט וואס איבער צו טראכטין, דען צייט יודין זיינען אין דיזעם לאנדע וואר נאך קיין אידעשעס מיידכען צו אײנער קיניגין גערופין; זיא מיינט דאס מען האט דיך אהין גערופין אום דיך אפ צו מאלין חלילה, אונ מאכין פון דיין גיזיכט איין היילינעס בילד דען דוא ביזט אזו שיין, ניין ליבער פאטער האט זיא זיך אפ גערופין, ניין עס וואר מיר דארטין גאר קיין לייד גישעהן, דיא קיניגין איז גוט, זיא האט מיר נור ארבייט גיגעבין, זיא וויל איך זאל איר איין פלאר אויס טעמבירען אונ ווייטער ניט.

נון מיינע טייערע לעזערין לאמיר דא לאזין דיא עלטערין זיך פרייען מיט דעם גליק פון זייער טאכטער וואס זיא איז אזו שיין אונ פריינדליך אויף גענומען געווארין פון דער קיניגין אונ פון דעם גרויסין מיניסטער, אונ מיר ווילין אונז ווענדין צו דער ווייטערדיגע ערציילונג;

באלד נאך דעם אין דעם ערסטין שבת נאך דיזער געשיכטע, אלס דער עולם איז אוועק ביא טאג אין שול אום צו הערין דארטין אדרשה פון

געסט · אונ גרויסע אסיפות פון אלע רבנים ווענין כלל זאכין , עס וואר אויך דער רבינו תם דארטין , אונ עס וואר אזו דארטין אלעמען דער קאפ אזו ווייט פאר דרייט דאס עס איז ניט גילעגין דיא עלטערין אין זינגען צו קוקין אויף דיא קינדער , דאס הייסט אויף דעם יאזעף אונ אויף דיא צוויא מיידכען , זייא ווארען איבער געלאזין זיך זעלבסט , אונ דיזעס וואר גענוג געלעגענהייט דאס יאזעף זאל געפעלין דער הדסה , אונ דיא הדסה דעם יאזעפין , מלכה האט עס נימערקט אונ וואר העכסט צופרידין דער פון אונ האט מאנכע הייסע פונקען צו דיזעם נייעם ליבעם גלוט צו גישארט , דאמיט דיא הדסה זאל מיט דער צייט בעטרעטין איר שטעלע אין דעם יאזעפס הערץ אונ דאפיר וועט זיא פון אים זיך בעפרייען ·

דער ווילע איז זיך דיא מלכה פון גרויס בייגקען נאך איר געליבטען אונ פון פיל טראכטין אונ דאכטין ווירקליך קראנק געווארין , ערסטינס איז זיא שיר פון מוח אראפ קלערענדיג וויא ווערט מען לויז פון דיא עלטערין אום צו פאר איינינין זיך מיט איר געליבטין מערדוינט , צווייטינס וואר זיא זייער פאר קלעמט וואס זיא האט פון אים אזו אצייט שוין ניט גיהערט , נון איז צו גלויבין דאס ער איז דארט אין דיא שלאכטין פון דער נארמאנדיא אין פראנקריך געווים געהארגעט געווארין , דען דאס ער זאל אן איר פאר געסין האבין , דאס האט זיך איר אויף איר גידאנקען ניט גילייגט. ווייל זיא וואר געווים אין זיין ליבע צו איר וויא זיא וואר געווים אין איר ליבע צו אים , אונ דאס האט איר וויא איין גיפטיגער ווארים געגריזעט אין אידהרעם הערצין , יאזעף פון זיינער זייטע וואר גאנץ אומשולדיג אין דיזער זאכע , דאס הייסט אין זיינער נייער ליבע מיט דער הדסה , דען ער וואר וויא אלע שפאנישע יוגענד פון יענער צייט , וויא זייא ווארין העכסט געבילדעט אזו ווארין זייא אויך העכסט עכטע יודין , האבין גיפאלגט פאטער אונ מוטער זעלבסט אין דיא ענינים פון שידוכים . וועלכעס מיידכען דיא עלטערין האבין צוא געפירט דעם זון , מיט דיא האט ער חתונה געהאט אונ דורך גילעבט זיינע יארין , אונ דיזער פאל וואלט דא גיוועזין אויך מיט דעם יאזעף דען ער איז גיקומען קיין לאנדאן צו נעמען מלכה ניט אוים ליבע צו איר , דען ער האט זיא ניט גיקענט נור אויף דעם באפעל פון זיינע עלטערין , אונ זיא איז אים גיפעלין זעלבסט אין אידהרער קראנקהייט זייענד גילעהנט אויף דיא הדסה , אונ זיינע נייגונג צו איר וואלט זיך געווים גישטארקט פון טאג צו טאג ווען זיא וואלט זיך נור געניינט צו אים . זיא האט זיך אבער גראדע גאנץ פאר קערט געציינט געגין אים , דאס הייסט גאנץ קאלט

11.

## דער אונגליקליכע שפאצירונג פון דער מלכה.

אום דיך מיינע טייערע לעזערין פארשטאנדינג צו מאכין דאס מודה זיך זיין פון דער הדסה פאר דער קיניגין, מוז איך דיר שוין בעקאנט מאכין מיט דיא הייזליכע אומשטאנדע פון איר פאטער אין יענע טאגע, איך מוז דיר עס בענאכריכטען נאך בעפאר. איך ווערדע דיר דער ציילין פון הדסעס ארויס קומען צו איר פאטר וואס ער האט איר ערוואַרטעט אויף יענער זייט טיר מיט איינעם קלאפענדין הערצין.

וויא עס איז דיר בעוואוסט פון פריער וואר שוין דער יאזעף אבודאל מעהר אלס צוויא וואכין ביא דעם ברוך אין שטוב אונ וואר גיהערצט, גישעצט, אונ אזו גאר געליבט דארט פון יעדערין בעזונדער, נאך מעהר פון דיא דארטיגע פרויען, אטייל פון זייא האבין זיך אין אים פארגישטעלט דעם הורקנוס, אטייל דעם יהודה מכבי וואס וואַרין דיא אידעשע גרעסטע העלדין, אונ מאנכע האבין אין אים געפונען דעם יאזעף אויס עגיפטען, קורץ דער פון עס האבין זיך דארט אלע מיט אים גיפרייט. אונ נור איינע נים, אונ דיזע איינע וואר גראדע דיא יעניגע וואס מען האט גיוואלט דאס זיא זאל אים יוא ליבען, אונ דיזע וואר דיא מלכה, זיא האט זיך זינט ער איז גיקומען געמאכט קראנק אונ וואר אלץ וויא אונטערין וואנט. באלד דארויף איז אהין געקומען אויך איר פאטער יאסען מיט איר מוטער אום אפ צו נעמען איר מיט דעם חתן קיין יארק, אונ האבין זיך גימוזט אפ שטעלין מיט זייא אין לאנדאן אום אויס צו קורירען איר, מען האט גערופין צו איר באלד דעם רבי נחמיה. אונ ער האט באלד אן גימערקט דאס זיא ליידעט פיל מעהר אן דיא זיילע (חולת הנפש) אלס אן דעם קערפער, דאס הייסט זיא קלעמט זיך, נון וואר שוין מעהר דער וויילע קיין רייד פון חתונה. אויסער דעם וואר דיא צייט אויך נים פאסענד דער צו, וויל דער אידעשער כלל פון איינגלאנד וואר דאן אין אגרויסין טומיל וועגין דעם אפ שטארבין פון דעם אלטין קיניג היינריך דעם צווייטין וואס וואר איין יודין פריינד, נון ווערט זיין זון ריכארד, אונ נאך ווייס קיינער וויא ער דיינקט וועגין יודין, אויך וואר מען זייער אומרוהיג וועגין דיא קרייצפאהרער וואס האבין אלע טאג אנדערע אקציען אפ געטאן, אונ האבין זיך דער צו נאך בעריהמט איבער צו פאלין איבער דיא אידעשע געמיינדע, דיזעם אלעם האט גימאכט גרויסע אונרוהען ביא דעם ברוך אין הויז, דען עס וואַרין דארט זייער פיל

הָאט שׁוין דִיא קֶענִיגִין גֶעמֵיינְט דָאס זִיא וֶועט שׁוין פוּן אִיר דֶער גַיין וָואס זִיא וִוינְסְט צוּ וִויסֶען, אוּנ הָאט צוּ אִיר גִיזָאגְט נוּן דֶער צַייל מִיר שׁוין וַוייטֶער, זָאג מִיר וואוּ אִיז אִיצוּנְד דַיין גֶעלִיבְּטֶער, אוּנ וָוארוּם אִיז עֶס אֵיינֶע פֶערְבָּאטֶענֶע לִיבֶּע, אוּנ וָוארוּם קֶענְסְטוּ אִים נִיט הֵיירַאטְהֶען.

אָ קֶענִיגִין! אִיךְ וֶועלְדֶע דִיר שׁוין אַלֶעס זָאגִין, מַיין גֶעלִיבְּטֶער הָאט אוּנְז אִיצוּנְד בֶּעגְלֵייט בִּיז דִיזֶעם טוֹיעֶר, עֶר הֵייסְט יאזעף אבודאל אוֹיס קאסטיליען הָאט זִיא אִיר גִיעֶנְטְפֶערְט, אוּנ אִיז צוּגְלַייךְ דֶער חתן פוּן מַיין בֶּעסְטִין פְרַיינְדִין, נוּן וֵוייס אִיךְ דָאס מַיין לִיבֶּע צוּ אִים אִיז נוּר אֵיינֶע זִינְדֶע, צְווַאר יֶענֶע מֵיידְכֶען וִויל אִים נִיט, דָאךְ מַיין הֶערְץ פְרֶעגְט נִיט דֶער נָאךְ.

„נוּן וֶוען אַזוֹ מַיין קִינְד" הָאט זִיךְ דִיא קֶענִיגִין אָפּ גֶערוּפִין, הָאבּ אִיךְ צוּ דִיר גָאר נִיט, אוּנ פַאר שְׁפְּרֶעכֶע דִיר נָאךְ דִיר אִין דַיין לִיבֶּע בֶּעהִילְפְלִיךְ צוּ זַיין, אִין פַאל וֶוען יֶענֶע מֵיידְכֶען וִויל אִים דוּרְךְ אוֹיס נִיט, אוּנ יֶעצְט וֶועלְדֶע אִיךְ דִיר זָאגִין וָוארוּם דוּא בִּיזְט גֶערוּפִין גֶעוָוארִין פוּן מִיר אַהֶער, מֶען הָאט מִיר דִיר פַאר לוֹיבְּט פַאר אַגְרוֹיסֶע קִינְסְטְלֶערִין אִין הַאפְטִין אוּנ אִין נֵייעֶן, נוּן הָאבּ אִיךְ דִיר אַרְבַּייט צוּ גֶעבִּין, אוּנ פִילַייכְט קֶענְסְט דוּא מִיר צֵייגִין דָא אַיין עֶטְוָואס פוּן דַיינֶע הֶעפְטֶעריַיא. „דִיזֶער שְׁלֵייעֶר וָואס אִיךְ טְרָאג אִיז מַיינֶע אֵייגֶענֶע אַרְבַּייט" הָאט אִיר הדסה גִיעֶנְטְפֶערְט, אוּנ דִיא קֶענִיגִין הָאט זִיךְ נִיט גִיקֶענְט אָפּ קוּקִין אוּנ הָאט אִים בֶּעוואוּנְדֶערְט, אוּנ הָאט בַּאשְׁטֶעלְט בַּייא אִיר אַיין פְלָאר וָואס זִיא זָאל אִים טְרָאגִין צוּ דֶער קְרֵיינוּנְג פוּן אִיר זוּן, אוּנ הָאט אִיר אַרוֹיס גֶעלָאזִין פוּן אִיר פַּאלַאץ זֵייעֶר פְרַיינְדְלִיךְ, אוּנ אַלְס זִיא אִיז גֶעבְּלִיבֶּען מִיט דֶעם מִינִיסְטֶער אַלֵיין, הָאט זִיא צוּא אִים גֶעזָאגְט נוּן הָאט זִיךְ פוּן אוּנְזֶער זַאךְ אוֹיס גֶעלָאזִין אַזֵייפֶען בְּלֶעזִיל. דָאס הֵייסְט אִיךְ הָאבּ גֶעמוּזְט וֶוערִין אֵיינֶע פְרַיינְדִין פוּן אֵיינֶע אִידֶעשֶׁע מֵיידְכֶען, אוּנ וֶועלְכֶע דִיא גֶעלִיבְּטֶע פוּן מַיין זוּן אִיז וֵוייסִין מִיר נִיט וִויא פְרִיעֶר, אוּנ בִּין אַזוֹ זֵייעֶר בֶּעזָארְגְט דֶער פוּן, „מִיר וֶועלִין עֶס אָבֶּער בַּאלְד דֶער גַיין" הָאט עֶר אִיר גִיעֶנְטְפֶערְט, אוּנ הָאט דֶער בַּייא גֶעלוֹיבְּט אִיר גוּטִין אַיין פַאל וָואס זִיא הָאט דָאס מֵיידְכֶען נִיגֶעבִּין אַרְבַּייט, דַאמִיט זִיא זָאל נִיט פֶערְשְׁטֵיין וָואס מֶען הָאט דָא גֶעמֵיינְט מִיט אִיר.

נוּן פַאר שְׁטֵייט זִיךְ שׁוין פוּן זֶעלְבְּסְט דָאס דֶער שאטעאוינרין הָאט זִיךְ פַאר אִירְט אִין זַיינֶעם נַאבְרִיכְט וָואס עֶר הָאט גִיגֶעבִּין דִיא קֶענִיגִין, עֶר הָאט אִיר אָן גֶעוִויזֶען אוֹיף דִיא טָאכְטֶער פוּן דֶעם ברוךְ אָנְשְׁטָאט דִיא מלכה וָואס וַואר דִיא טָאכְטֶער פוּן דֶעם יאסען.

(מלכה)

יהער בענעדיקטוס» האט זיך דר מיניסטער אפּ גירופֿן, איך וויל דא ניט אריין גיין מיט דיר אין גרויסע ויכּוחים, איך בּין דיר נור מחויב צו זאגין דאס דאס איינגעלשע פֿאלק זיינען העכסט אום צופֿרידין מיט אייך יודין, נון זאלסט דוא דיינע בּרידער זאגין דאס זייא זאלין זיך אין דיזע צייטין זייער היטען, דאס זייא זאלין דעם המון עם ניט אויף רייצין געגין זיך, זאג זייא דאס זייא שטעבּין אין גרוים געפֿאר, זאג זייא דאס מען וויל איבּער פֿאלין איבּער זייא אם בּעסטין דאס זייא זאלין איבּער דיזע צייט פֿאר האלטין זיך צו הויז אום אוים צו מיידין אלע סטאלקנאווענייעס מיט דיא קרייצפֿאהרער, דען דיזע קערלען גייען אום אין דיא גאסין בּעזויפֿין, אונ זוכין נור איינע גילעגינהייט צו רויבּין אונ צו מארדין, אונ דאס וועלין זייא גיפֿינען פֿאר געווים אין דיא פֿריילּיכע קראנאציע טעג וואס טרעטין בּאלד אן, עס קען דאן קומען זייער לייכט צו איינער בּלוט פֿאר גיסונג. דאן וועט געשטערט ווערין אויך דיא פֿריידין, אונ דיא בּאשטראפֿונג פֿון קיניג וועט פֿירין צו נאך איין גרעסערין האס געגין אייך, דאהער איז דאס גלייכסטע דאס אייערע בּרידער זאלין זיך אין דיא קראנאציע טעג גאר ניט ווייזין איבּער דיא גאסין, אונ אייערע דעפּוטירטע זאלין איצונד צוריק אהיים פֿארין, מיר וועלין שוין וויסען איינע בּעסערע גילעגינהייט אום זייא פֿאר צו שטעלין פֿאר דעם קיניג, גינוג מיר מיינען גוט מיט אייך, וואלט איר עס גיוועז זעלבּסט מיט אייך:

«אזו מיין הער» האט זיך דער ברוך אפּ גערופֿין, דאנק איך אייך טויזינד מאל אין דעם נאמען פֿון אלע מיינע בּרידער, אונ אין פֿערלויף פֿון איינינע טעג בּלייבּט שוין דא ניט איינער פֿון אונזערע דעפּוטירטען אין לאנדאן, «אונ דוא שארמאנטעס קינד» האט זיך דער מיניסטער אפּ גירופֿין צו דער הדסה, דיר מוז עס גאר ניט גוט שמעקין דאס איר וועט אייך מוזין בּאלד בּאזעצין דארט אין יארק צוליבּ דעם וואס דיין פֿאטער ווערט איין פֿאמאצניק דארט בּייא דעם יאסען. א עס מוז דיר געגוג שמערצין צו פֿאר לאזין דיא שיינע אונ גרויסע שטאט לאנדאן.

«א גרויסער הער» האט אים דאס מיידכען גיענטפֿערט, איך בּין גליקליך ווען איך בּין נור צוזאמען מיט מיינע עלטערין, זייא מעגין אזו גאר וואוינען אויף איינער וויסטען אינזעל, «א אונ דאך איז איין גרויסער אונטער שייד צווישין יארק אונ לאנדאן» האט ער זיך אפּ גערופֿין, דען דארט איז אלעס שטיל וויא אוים געשטארבּין, דארט זיינען ניט דא סארמאנטע יונגע לייט, פֿיינע ריטער קנאבּין וואס קוקין זיך אום אום שיינע מיידכען, «א גרויסער הער» האט זיא אים גיענטפֿערט, דאס מאכט מיר גאנץ ווייניג

יארק , אונ דוא זאלכסט זיין זיין שטעל פאר טרעטער אין אלע צייטין וואס
ער העט זיך מיט דיזעם ציין ניט קעננען באשעפטיגען , "א מעכטע דער
גרויסער גאט שיצען אונ באגליקען אונזער קיניג" האט זיך דער ברוך אפ
גערופין גיינענד זיך נאך אמאל , ער זאל מיט אים זיין וויא מיט דעם קיניג
דוד , ער זאל אים זיין מאכט פאר גרעסערין אונ זיינע פיינדע אים צו פיסין
לייגין , אונ איר גרויסער מיניסטער זאל צייט ער וועט לעבין נור איין מבשר
טוב זיין . אונ מיר יודין זאלין זיין געשיצט אונטער אייער פליגעל ביז אונזער
משיח וועט קומען , נוא זאג מיר בענעדיקטוס זאל ווירקליך דער יאסען איין
בראווער מאן זיין וויא איך האב גיהערט דער צייליגענדיג פון אים "געווים
איז ער עס" האט אים דער ברוך גיענטפערט , דען זאנסט וואלט אים דער
זעליגער קיניג (דער פערשטארבענער) ניט גימאכט פאר איין שאצמייסטער,
אונ זיין זון דער נייער קיניג וואלט אים ניט דער האלטין ביי דיזער שטעלע
ווייטער "נון בענעדיקטוס" האט זיך דער מיניסטער אפ גערופין צו אים , "אונ
דיזעם ווינצען מיר פון דיר אויך" , "אונ דיזעם ווער איך אויך ביז אהער"
האט אים ברוך גיענטפערט "אונ ווערדע מיט גאטעס הילפע ווייטער זיין"
"אונ דאך באקלאגין זיך אויף דיר אלע איידעל לייטע דאס דוא ביזט איין
גרויסער וואוכערער" האט אים דער מיניסטער ווייטער גיזאגט "דוא רייסט
אראפ דיא הויט פון אלע דיינע קריסטליכע לוים" , "א גענעדיגער הער" האט
אים דער ברוך גיענטפערט , דאס זאגין נור יענע איידעל לייטע וואס פוילין
זיך צו באצאלין זעלבסט דעם קרן , זייא מיינען דאס דאס געלט וואס מען
לייט ביי אייניגע יודין איז עס נור איין גישאנק . ניט אזו וועט פון מיר אבער
ריידין דער גרויסער הער זאליסבוריא אונ זיינעם גלייכין . "עס איז מעגליך"
האט אים דער מיניסטער גיענטפערט , ווייל איר יודין פערשטייט זייער גוט
מיט וועמען איר האט צו טאן , דעם גרויסין מאן שוינט איר , דעם קלענערין
מאן אבער שטעלט איר בדלי דלות אונ בלייבט נאך גירעכט דער ביי .
אונ באהעלפט זיך דער ביי נאך מיט אונזער גיזעצע גלייך וויא זייא וואלטין
גימאכט געווארין אום אייער טרוג אונ לוג צו שיצען , "א גינעדיגער הער"
האט זיך דער ברוך אפ גערופין , וועלכער לוה איז ניט ביי אויף זיין מלוה ,
שוין אין דיא צייטין פון דיא נביאים האט מען עס זייער שטארק געשפירט
דאס דער פראפעט ירמיהו זאגט אין זיינעם ספר לא נשיתי ולא נשו בי כלו
מקללוני דאס הייסט מיר האבין איינער דעם אנדערין ניט גימאנט אונ דאך
שילטין מיר אלע , אונ בפרט ווען דער מלוה איז אויזע אונ דער לוה
איז איין קריסט .

גם טוט מיך לייד אום דיך מיין קינד , דוא קענסט נאך איינען רעכטין מאן גליקליך מאכין , פאלגע מיך הדסה , דוא ביזט שוין ניט דיא ערסטע יודין וואס איך לעאנארע האב שוין בעקערט (גיטויפט) אונ זיינען העכסט צוא פרידין , א ווערע גליקליך , זעליג , אונ בעפריינדע היך מיט דער וועלט .

א גרויסע קיניגין „האט זיך דיא הדסה אפ געריפין" איך בין נאך צו יונג אום צו מאכין אזו אגרויסין טריט , דאס הייסט אום אריבער צו גיין פון איין רעליגיאן אין דער אנדערע רעליגיאן , צווייטינס בין איך זייער שטארק אנגעבונדין אז מיינע עלטערין , אונ מיט שרעקין קומט מיר פאר דער טאג אין וועלכען איך ווערדע מיך דארפין שיידין פון זייא , „א דיזעס איז צווא קינדעס פון דיר געזאגט האט זיך אפ גערופין דיא קיניגין" איין מיידכען מוז זיך מיט דער צייט שיידין פון איהרע עלטערין אום נור מיט איהר מאן איר לעבין צו פאר לעבין , נון ווערדע איך דיר געבין איין שיינעם נארדע אפיציר פון מיין הויף , ער זעהט אויס וויא איין קריגס גאט , דוא וועסט גליקליך לעבין פאר אים פאלג מיך הדסה .

מעהר אלס צעהן מינוט איז דיא הדסה גישטאנען שטום אונ ערענסט אונ זייער פערטיפט אין גידאנקען , אונ דער נאך האט זיא זיך אפ גירופין . גרויסע קיניגין ! זייא טרייבין מיך אין דער איינגע , איך מוז מיר פאר איך מודה זיין דאס מיין הערץ איז שוין פאר שיינקט . דאס הייסט איך בין פערליבט אין איינעם יונגען מאן וואס איז דער שענסטער מאנס פערזוין פון דיזער צייט , אונ וואס איז אים שטאנדע מיך פיל מעהר גליקליכער צו מאכין אלס איין אנדערער , זעלבסט אלס יענער וועלכין איר זעלבסטווילט מיר אים צו פירען , אזו גיהערע איך מיר שוין ניט מעהר אן , ער איז איין מיליאנער אונ צו גלייך איין גרויסער ריטער . אונ פון דער צייט אן וואס איך האב איהם גיזעהען לעבע איך נור פאר אים , אונ פאר אים ווערדע איך אויך שטארבין , נון האסטו שוין מיין הערץ אין גאנצען ערפארשט .

א דוא אונגליקליכע האט זיך דיא קיניגין אפ גערופין , נון ליבסטע דוא פארט , הא דוא שלאנגע דוא צבויאצקע דוא פאלשע . פאר איינע מינוטין האסטו מיר איין פרומעס געזיכט געציינט , געשפילט דיא ראלע פון איינער אונשולדיגען , אונ יעצט זאגסט דוא אליין דאס דוא ליבסט איינע פארבאטענע ליבע „א גרויסע קיניגין" האט זיך דיא הדסה אפ גערופין , איך בין צוואר מודה דאס מיינע ליבע איז איינע פארבאטענע ליבע , איינע זינדע אונ צו גלייך איינע אומגליקליכע ליבע , „ביי דיזעם אבער" איז זיא גיבליבין שטיל אונ אירע פייערדיגע אויגין האבין זיך געפילט מיט טרערין , אונ דאן

אִיר הדסה גִיעֶנְטְפֶערְט, דָאס אִיז נוּר דוּרְךְ אַיין חאוּנְדֶער גִישֶׁעהֶען, אוּנ דָאס אוֹיךְ ווִידֶער אִיהְרֶעם ווִילֶען, «יָא אוּנ בֶּעהִיטֶע דִיךְ נָאט פוּן אַזוֹ אַיין וואוּנְדֶער» הָאט זִיךְ דִיא קִינִיגִין אָפּ גֶערוּפִין בְּלוֹיז פַאר אֵיינֶעם גִידַאנְקֶען אוּם עֶס צוּ וֶועלִין זַיין. אָדֶער אַזוֹ נָאר צוּ לָאזִין זִיךְ אָן רֵיידִין דֶער צוּ פוּן אֵיינֶעם פֶערְלִיבְּטֶען פְּרִינְצֶען, זֶעלְבְּסְט אֵיינֶע גֶעלִיבְּטֶע פוּן אַזוֹ אֵיינֶעם צוּ וֶועלִין זַיין וֶועט דִיר אוֹיךְ דַיין לֶעבִּין קָאסְטִין, דִיזֶע אַלֶערֵייד פוּן דֶער קִינִיגִין הָאט דִיא הדסה אוֹיס גִיהֶערְט זַייעֶר רוּהִיג, אוּנ הָאט אִיר אָנְגֶעקוּקְט שְׁטִיל אוּנ שְׁטוּם מִיט אִיהְרֶע גְרוֹיסֶע פַייעֶרִינֶע אוֹיגִין, דֶען זִיא הָאט דוּרְךְ אוֹיס נִיט פַאר שְׁטַאנֶען וואוּ הִין דִיזֶע וֶוערְטֶער צִילֶען;

«דוּא שְׁווַיינְגְסְט הָאט זִיךְ דִיא קִינִיגִין אָפּ גֶערוּפִין צוּ אִיר» דוּא יוּדֶען קִינְד ווִילְסְט נָאךְ פוּן דַיינֶע פֶערְבָּאטֶענֶע לִיבֶּע אֵיינֶע גֶעהֵיימְנִים פַאר דַיינֶע קִינִיגִין מַאכִין, פַאר מִיר וָואס אִיךְ בִּין שׁוֹין גוּט בֶּעווַאנְדֶערְט אִין אַלֶע קְרִימוּנְגֶען פוּן דַיינֶעם הֶערְצִין, «יָא פֶערְצַייהֶע מִיר גְרוֹיסֶע קִינִיגִין» הָאט אִיר דִיא הדסה אָפּ גִיעֶנְטְפֶערְט, ווַייל דַיינֶע וֶוערְטֶער זַיינֶען מִיר גַאנְץ אוּנְפַארְשְׁטֶענְלִיךְ, נָאךְ בִּין אִיךְ נִיט אַזוֹ דוּם צוּא וֶועלִין זַיין קִינִיגִין פוּן אֵיינגלאנד, אוּנ דָאס גְלַייכִין בִּין אִיךְ נָאךְ נִיט אַזוֹ אוֹיס גֶעלַאשִׁין אוּם צוּא וֶועלִין זַיין זֶעלְבְּסְט בַּייא דֶעם גְרֶעסְטִין אֵיינֶע בַּייא שְׁלֶעפֶערִין, אוּנ וֶוען דוּא גְרוֹיסֶע קִינִיגִין בִּיזְט שׁוֹין יוֹא ווִיא אִיךְ זֶעה קְלָאר אִין אוּנְזֶער אִידִישֶׁע גֶעשִׁיכְטֶע קֶענְסְטוּ דָארְט אַיין שֵׁיינֶעם בַּייא שְׁפִּיל זֶעהֶן פוּן אוּנְזֶער פָאטֶער יעקב דָארְט מִיט דֶער גֶעשִׁיכְטֶע פוּן שכם, יעקב וַואר דַאן אַיין הִירְט נָער, אוּנ הָאט נִיט גֶעוָואלְט אָפּ גֶעבִּין זַיין טָאכְטֶער דִינָה פַאר אַיין קְרוֹינְפְּרִינְץ, אוּנ הָאט זִיךְ גֶעפוּנֶען הֶעכְסְט בֶּעלֵיידִיגְט דָאס עֶר הָאט זִיא בֶּערִיהְרְט «גוּט» הָאט זִיךְ דִיא קִינִיגִין אָפּ גֶערוּפִין, יעקב הָאט עֶס נִיט גִיוָואלְט, דִיא דִינָה אָבֶּער יַא, «פִילַייכְט אַלְס זִיא וַואר שׁוֹין אֵיינֶע בֶּעלֵיידִיגְטֶע פוּן אִים» הָאט אִיר הדסה גִיעֶנְטְפֶערְט, אָבֶּער אִין אָנְפַאנְג הָאט זִיא אוֹיךְ נִיט גֶעוָואלְט.

וֶוען אַזוֹ הָאס דוּא נָאךְ ווִירְקְלִיךְ אַיין אוּמְשׁוּלְדִיג קִינְד בִּיזְט הָאט זִיךְ דִיא קִינִיגִין אָפּ גִירוּפִין, נוּן וָואלְט אִיךְ דִיךְ בֶּערֵיידִין אֵיינֶע פְּרוּטֶע קְרִיסְטִין צוּ וֶוערִין, דֶער מִנִיסְטֶער פוּרזייע מַיין מִנִיסְטֶער וָואס אִיז צוּ גְלַייךְ אַיין בִּישׁוּף ווִירְד דִיךְ זֶעלְבְּסְט טוֹיפִין, אוּנ דוּא ווִירְסְט זַיין דוּרְךְ דֶעם גְלִיקְלִיךְ אִין בֵּיידֶע וֶועלְטִין, דֶען אִיךְ ווִיל דִיר גֶעבִּין אַיין מַאן וָואס וֶועט פִיל ווִיכְטִיגֶער זַיין אַלְס אַיין אִידִישֶׁער אִינְגֶעל וָואס וֶועט ווֶערִין אַיין סַאחֶער יוּדֶע, אַיין וואוּכֶערֶער (פְּרִיצֶעהֶנְטְנִיק), אַיין בֶּעטְרִינֶגער, וָואס אִיז נִיט וֶוערְט דַיינֶע אַלְטֶע שִׁיךְ צוּא בֶּערִיהְרֶען דֶען דוּא בִּיזְט ווִירְקְלִיךְ שֵׁיין, קְלוּג, זִיטְזַאם,

דיא הדסה האט זיך אנידער גישטעלט «וויא הייסטו» האט זיא איר גיפרעגט «איך הייס הדסה» האט זיא איר גיענטפערט, אונ וואס זאל דיזער נאמען בעדייטין האט זיא גיפרעגט דעם מיניסטער, דען וויא איך ווייס האט יעדער אידעשער נאמען אמיין אונ אזינען «געוויס אזו גרויסע קינגין» האט ער איר גיענטפערט, דער טייטש פון דעם ווארט הדסה איז «מירטהע» *) אונ איז צו גליך איין ביבעלשער נאמען (דאס הייסט אזו א נאמען וואס געפינט זיך אין תנ"ך) אין דער געשיכטע פון דעם אחשורוש, דען דיא אסתר הייסט דארט אין העברייעש הדסה «א ווען אזו» האט זיך דיא קינגין אפ גערופין האט דיזער נאמען זייער פיל צו בעדייטין, ערסטינס איז דיא מירטהע איין צייכין פון ליבע, דען דיזער צווייג שפילט אגרויסע ראלע אין דעם ברויט קראנץ (דאס הייסט אין דעם בלומען קראנץ וואס מען טוט אן אכלה), אונ צווייטינס האט איר נאמענס שוועסטער (דאס הייסט יענע מיידכען וואס האט גיהייסין וויא זיא) בעצויבערט מיט אירע שוינהייט איינעם גרויסין קיניג אחשורוש, נון איז זיא שוין דאפעלט גיפעהרליך פאר איינעם יונגען פרינצען, נון זאג מיר מיידכען ביזט דוא שוין אכלה, «גיין גרויסע קינגין» האט זיא איר גיענטפערט, נוא אונ ווארום דען ניט, ביא אייך יודין פאר הייראטהען זיך דאך דיא מיידכען זייער בעצייטין? פאר געוויס טוז דיין פאטער וואס גרויסעס פאר לאנגען.

«מיר יודין זוכין קיינע גרויסעס» האט איר הדסה גיענטפערט, נור נוצליכעס. אונ דאס האבין נאך מיינע עלטערין נים גיפונען, אונ פילייכט מיינט דיין פאטער האט צו איר דיא קיניגען ווייטער גיזאגט, דיר פאר איינע קינגין צו מאכין וויא דיינע נאמענס שוועסטער, איך מיין דיא אסתר המלכה וואס וואר דיא פרויא פון איינעם גרויסין קיניג, «א גרויסע קינגין» האט איר

*) מירטהע הייסט דער מין בוים וואס מיר נעמען פון אים הדסים צו אונזערע לולבים, אונ פון זיינע צווייגין ווערט גימאכט נאך עד היום קרענצע פאר כלות, נון הייסט דיא מירטהע איין בילד פון דער ליבע, דער לולב (פאלעם צווייג) איין בילד פון פרידין, דען אזו וואר דאן דיא זיטע דאס דיא פרידענסבאטען פלעגין צו קומען מיט פאלמענצווייגין אין דיא הענט, דיא ערבה איז ווידער איין צייכין פון טרויער; אונ ווערט נאך עד היום גיפלאנצט אויף קברים, דער אתרוג איז איין צייכין פון הערצין, דען ער האט דיא תמונה פון איין הערץ, אתרוג דומה ללב (מדרש רבה פ' אמור), נון בינדען מיר דיזעס אלעס צוזאמען במצות ה' אום מרמז צו זיין דער מיט דאס מיר דארפין דינען גאט מיט אונזער גאנצין הערצין אין אלע צייטין הן אין שלום הן אין טרויער הן אין ליבע, ובפרט שאומרים שהאתרוג מרמז להקב"ה בעצמו

(מלכה)

אויס. דען איך שטייא אין אגאנץ קנאפע בעדיהרונג מיט דער גילאנטע וועלט, איך לעבע אין דעם הויז פון מיינע עלטערין גאנץ איין גישפארט וויא איין פויגיל אין זיינעם שטייגיל, עס זיינען מיר גאנץ אום באקאנט לאנדאנס גאסין, דאך זאגט דער מיניסטער קען דאך ניט זיין דאס דוא ווארסט קיין מאל ביי איינער פלאץ פאראדע, ביי איינער פראצעסיע וואו דוא האסט שוין געהאט גענוג געלעגענהייט צו צייגין דיין היפשעס געזיכט פאר דיא יונגע מענער וועלט און מאנכען יונגע הערין אין דיינעם ליבעס נעץ צו ציהען, און דער ביי מאנכעם שמייכיל ווארט פון דיא יונגע אפעציהרען צו הערין. לייקען עס ניט מיין קינד. דען איך פערדיינק עס דיר ניט דען דוא ביזט איין יונגע פיינעם בלוט, נון האסט דוא שוין פאר געוויס מאנכע ליב האבער, דען וועלכע בירגער מיידכען האט עס ניט אין לאנדאן, נוא וועט דיר דער שיידין פון דאנען זייער שמערצין. דען אין יארק שלומערט אלעס, און ליבעס גישעפטין גידייהען דארט גאר ניט.

„א גרויסער הער“ האט זיך דאס מיידכען אפ גערופין, דיזער פאל איז ניט ביי אונזערע אידעשע מיידכען, ווייל אונזערע אידישע טעכטער ווייסין ניט פון קיינעם אנדערין יונגען מאן אויסער דעם חתן וואס אונזערע עלטערין פירען אים צו צו אונז, און ווער רעט שוין פון איינעם קריסטליכען יונגען מאן וואס אונזער רעליגיאן פערביטעט עס אונז זייער שטרייגג וויא אייך זעלבסט עס באוואוסט איז. דען איר אליין זייט דאך איין גייסטליכער.

אין דעם איז אריין דיא קיניגען און דיא הדסה האט זיך געקניט פאר איר „ביי גאט“ האט זיך דיא קיניגין אפ גערופין שטילערהייד צו איהרעם מיניסטער. מיין זון האט גישמאק, זיא איז געפערליך זעלבסט פאר איינעם אלטין מאן אויך, זיא ברענט מיט אירע אויגין, און בעצויבערט מיט אירע שטילע מינען. נוא האבין זייא שוין איין עטוואס געשפראכין מיט איר, „יא גרויסע קיניגין“ האט ער איר גיענטפערט, דער ווייליע אבער ווייזט אויס דאס זיא ווייס גאר ניט פון וואס צו זאגין, און עס איז ביי איר רעכט צו זיין אין יארק וויא אין לאנדאן, „ווען אזו“ האט זיך דיא קיניגין אפ גערופין, הייסט דעם פאטער דאס ער זאל אויף אווייליע אפ טרעטין און זיא זאל דא בלייבין מיט אונז אליין. און אזו ביי דעם ערסטין וואונק פון מיניסטער האט דער ברוך אפ געטראטין און איז גיבליבען שטיין אויף יענער זייט מיט מיט איינעם קלאפענדין הערצין, דען ערסט האט ער אנגעהייבין צו פערשטיין דאס דיזער רופין אהער איז מעהר געמיינט דער טאכטער אלס אים אליין.

„שטייא אויף מיידכען“ האט דיא קיניגין געזאגט צו דער הדסה, און

שניר, אונ פון דיזעם פעם איז אראפ געהאנגען הינטען איין פאר וארפענער לאנגער שלייער וואס וואר זייער קינסטליך אויס געטומבירט מיט איהר אייגענער האנט, ער וואר וויא באשאטין מיט קליינע פרישע בלומען וואס האבין נאך אויף זיך קליינע קאפליעס טויא, אונ וואס זיינען נאך האלב אפין אונ האלב געשלאסין, זיא אליין אבער האט דאן אויס געזעהען וויא איינע ניהעצמע הינדין (דאס הייסט וויא איינע אומגעטריבענע יונגע הירשין) האלב טרויעריג אונ האלב צו שראקין, איר ברוסט וואר זייער שטארק בעוועגט, אונ האט גיאטעמט זייער טיף אונ זייער שווער, אונ צום ענדע אלם עס וואר איר דיא ברוסט גאנץ פאר פרעסט וויא צו געשנירט האט זיא אויס געשריען מיט גרויס אן שטריינגונג „פאטער עס איז ניט צום אויס האלטן“:

„שוויינ“ האט זיך דער פאטער אפ גערופין, דוא ווייסט וואו מיר שטעקין יעצט, האלט מויל זאג איך דיר. דוא ביזט דא ניט אליין, דער גאט וואס וואר מיט אסתר איז מיט דיר, „רוהיג“ „יא ליבער פאטער“ האט זיא איהם גיענטפערט, איך וועל עס ניט איבער לעבין, מיין הערץ מיין הערץ, נאך איינע האלבע שטונדע אונ דער מארך וועט מיר פון מיינע קנאכין אויס לייפין, אזוי צו קאכט בין איך, דען איך בין גאנץ צו שראקין, גאט ווייס וואס דיא קיניגין וויל דא מיט אונז טאן „זייא דאך רוהיג מיין ליבעס קינד“ האט איר דער פאטער גיענטפערט, גאט איז מיט אונז וואלטין מיר אזוא ניט דארפין אונז פירכטין פאר דעם פעבעל (המון עם) וויא מיר דארפין אונז ניט פירכטין פאר אזעלכע גרויסע לייט וואס מיר לעבין נור אונטער זייער שוץ, געווים האט מען מיך גירופין וועגין איינער הלואה, אונ דיך אויך גיווים אום ניט אויף צוא עסין, אונ צווייטינס האב גידולד מיר וועלין שוין באלד וויסין, אונ אים פאל ווען דיא קיניגין וועט מיט דיר שפרעכין זאלסט דוא דיך היטין וויא צוא ריידין, נון בעט גאט דאס ער זאל זיין מיט דיינער צונגע אונ מיט דיינעם מויל.

אונ עס וואר אלס זייא ריידין דא אזוי צווישין זיך איז אריין אין זאל דער מיניסטער פודזייע, אונ זיי ביידע האבין זיך אויף גיהאפט אונ האבין זיך זייער טיף פאר בייגט פאר אים „קומט אהער“ האט זיך דער מיניסטער אפ גירופין צוא זייא ווערענדיק גיבלענדעט פון דער הדסעם שוינהייט „הער דוא בענעדיקטום“ האט ער ווייטער גיזאגט „דא האסט דוא איין דאקומענט“ אונ האט אים דער בייא אפ גיגעבין איין גישריבענעם פארמענט, איין דאקומענט פון אונזערעם ביי עם קיניג ריכארד דאס דיין פריינד אונ שותף יאסעפ בלייבט אויף אימער אונ איביג איין-קיניגליכער שאצמייסטער אין

זון , וויא ער איז אונמעסיג אין זיינע שטרייטין אזו איז ער אונמעסיג אין זיינע ליידענשאפטין , א וויא האלטע איך אים אפ דער פון .

«א גרויסע קיניגין» «האט זיך דער פודזייע-אפ גערופין» זייט אייך נאך ניט מיאש , דען עס איז נאך דא איין מיטעל דער צו , קענען מיר ניט דיזע פאר באטענע ליבשאפט ניט אויס לעשין אין דעם הערצין פון אידרעם זון , וועלין מיר עס אויס לעשין אין דעם הערצין פון דער מיידכען , זיא וואונט דא היא מיט אידרע עלטערין אין לאנדאן , איך שיק איר באלד רופין מיט איר פאטער אהער אין אייער נאמען , אונ דאן וועט אייך זיין זייער לייכט אויס צו פירען מיט איר וואס איר ווילט . אונ ווען זיא וועט אייך אין איין עטוואס דער ווידער זיין קענט איר זיא פאר שיקען אין אזו איין ארט וואס אייער זון וועט ניט וויסען וואו איר געביין וועט אהין קומען .

«א איר שפרעכט זייער קלוג» האט אים דיא קיניגין גיענטפערט , איר פאר דינט מיט רעכט צו זיין מיניסטער פון איינגלאנד , נון שיקט איר רופין אין מיינעם נאמען , אנב וועלין מיר זעהען צווא האט מיין זון איין גוטין גישמאק אונ פאר שטייט זיך ווירקליך אויף וואס שיינעם .

## 10.

## „ברוך מיט הדסה ביא דער קיניגין אין פאלאץ".

עס האט ניט לאנג געדויערט . קוים איינע שטונדע אונ דער קאמער דינער האט אנגימעלדעט דעם מיניסטער אונ דיא קיניגין דאס דער בענעדיקטוס מיט זיין טאכטער זיינען שוין דא אין דעם פאדער צימער , אונ האט אזו באקומען פון זייא איין באפעל אריין צו פירען זייא אין דעם טראהן זאל אונ בעטין זייא זיצין , אונ האט אזו גיטאן וויא מען האט אים גיהייסין . זייא האבין זיך אבער גיזעצט ביא דער טיר אונ זיינען געבליבין זיצין וויא פאר טומעלטע פון גרויס שרעק , אונ פון דעם גרויסין פראכט וואס זייא האבין דארט מיט איינמאל דער זעהען , דער פאטער וואס וואר אגרויסער מבין אויף אלע אנטיצנע זאכין , אונ וואס האט בעטראכט יעדע זאך וואס וואר דארט מיט איינעם גרויסין קענער בליק , וואר גאר אויסער זיך פון גרויס וואונדער , . דיא הדסה וואר דאן גיקליידעט אין טייערע זיידין צייג , אויף דעם קאפ האט זיא געטראגין איין טורבאן אדער איין פעס (קאלפאציק) פון גרינעם סאמעט וואס וואר ארום גענדרייט מיט גאלדענע אונ זילבערנע

דאס זיא האט זיך אין דער טעמזע דער טרונקען אונ דער חתן האלט בייא משוגע ווערין.

אונ דיזע ליבע האט זיך געענדעט אום נור פלאץ צו מאכין פאר איינע שלימערע אונ שענדליכע ליבע דען ער האט זיך פון איר אפ געזאגט וויא דער שאטעאוינרין דער ציילט, וייל ער האט זיך אין איינער אידעשעס מיידכען פערליבט, אונ דיזעס מיידכען זאגט ער איז אזו שיין דאס זיא האט איר גלייכין נור אין שפיגעל, אונ דיזע שפילט נאך אנטקעגין אים דיא ראלע פון איינער צנועה, דען זיא לאזט זיך ניט בערירען פון אים, דען זיא מיינט צו מאכין מיט אירע שוינהייט איינע שפיקולאציע וויא איר פאטער מיט זיינע געלט, דען זיא איז דעם רייכענם בענעדיקטים אטאכטער, אונ מיין זון איז אין איר אזו וייט פערליבט דאס ער בעהאנדילט איהר מיט גרויס שוינונג וויא איינע פירשטען, ער איז מיט איר באקאנט געווארין וויא שאטעאוינרין דער ציילט, דורך איינעם זעלטענעם צופאל, ער האט איר דעם ערסטין מאל אנגעטראפין אלס דער פעבעל איז איבער גיפאלין איבער איר בייא איינער פראצעסיע, אונ האט איר דאן אוים הוילער מיטלייד פון זייערע הענט גירעטירט, אונ פון יענער צייט אן איז זיא אים גיווארין העכסט גיפעלין. דאס ער איז געווארין אין איר שטערבליך פערליבט אונ זעהעט זיך מיט איר זייער אפט. אונ וויא שאטעאוינרין זאגט פאר שפרעכט ער איר נאך צו נעמען, אונ דאך איז ער מיט איר ניט וייט גיקומען, איך וייס נאך ניט צו אקום אזו גאר, דען זיא וויל נור זיינע אפרויא ווערין אבער קיינע געליבטע, א איינע עכטעס יודענקינד וואס פאר שטיים זייער גוט וויא זיך צו פערהאנדלען, נון בעהיטע גאט דאס עס זאל ווארזיין וואס דער שאטעאוינרין זאגט דאס ער האט בדעה חתונה צו האבין מיט איר אינם געהיים, דאן וויהע מיר וויהע אים אונ וויהע גאנץ איינגלאנד. ניט פאר געסט מיט וועמען ער איז שוין פאר קנאסט מיט דער אדעלהייט וואס איז פרינצעסין פון פראנקרייך, דאס וירד געווים איר ברודער פיליפ אוינוסט ניט שווייגין. אונ פאר ציהט נאך דער וייסט צו וועט זיך דיזעס יודין קינד נאך טויפין. א איך בין לייטער זייער גוט בעוואנדערט אין דער אידעשע געשיכטע, מיר האבין דארט גענוג טרויעריגע ביישפילע פון דיזער ארט, צום ביישפיל וויא דינה מיט שכם, אסתר מיט דעם אחשורוש, יהודית מיט דעם אלפורנוס, א עס גרויעט מיר מיינע הארע בייא דיזעם שרעקליכען גידאנקען, א נוטער מיניסטער שאפט מיר דער בייא איין גוטין ראט. אונ דאס ניך אונ באלד, דען איך קען דעם פייערינען האראקטער פון מיינעם

האט זייא שוין פערשפראכין, נון הער מיניסטער איז עס שוין אזו אידרע זאכע דאס זייא זאלין פאר דיא רוהע זארגין, אונ מאכין זייא דיא קרייצפאהרער וואס צום גיכסטין פארטיג אין פעהאר.

א זייא רואיג קיניגין "האט ער איר גיענטפערט" עס וועט אזו ווייט ניט קומען וויא איר מיינט, דיא קרייצפאהרער האבין נאך קיין גיווער אין האנד, אונ אונזערע צוואנציג טויזינד גארדיסטען זיינען נאך אין שטאנד אפ צו האלטין אזעלכע הונדערט טויזינד שלענדערער, דער צו נאך ווערדע איך מאכין ארדענונג אין שטאט, ערסטינס ווערדע איך באפעלין דאס דיא קרייצפאהרער זאלין זיך ניט אזו ארום טרייבין אין דיא גאסין, אונ צווייטינס דאס דיא יודין זאלין מיט זייא אין קיינער בערירונג קומען, דאס הייסט זייא זאלין זייא אויס מיידין וויא נור מעגליך;

נון האבין מיר אפ גירעט איין זאך, האט אים די קיניגין גיענטפערט. איצונד וועלין מיר ריידין פון איינע צווייטע זאכע וואס בעאונרוהיגט מיך פיל מעהר אלס דיא ערסטע זאכע, אונ מאכט מיר אזו צוא זאגין גראע האר, אונ דאס איז דיא ליבשאפטין פון מיינעם ריכארד, דען ער גיבט זיך אפ מיט מיידכען פון גאנץ נידערינין שטאנד אונ שטעלט זיך אויס צוא ליב דעם אין דיא גרעסטע גיפאהרין, דא ניט לאנג, בין איך עס גיוואר גיווארין דורך זיין אדיוטאנט שאטעאיונרין, האט ער זיך פארליבט אין איינער גיוויסען קיטטי וואס וואר שוין ברויט (כלה) פון איינעם גיוויסין גימיינעם קעריל "אווען מערידיט" ער האט זיך איר פארגישטעלט פאר איין ריטער (קאוואילער) וואס מען רופט אים מערדוינט, ער האט איר פאר שפראכין צוא נעמען אונ האט איר אזו פארפיהרט פון איר חתן, אונ פלעגט אזו צוא ליב איר קומען אלע מאל אהער פון נארמאנדיע פאר שטעלטערהייט אין די צייטין פון זיינעם קריג מיט זיינעם פאטער, בעהיטע גאט ווען מען האלט אים דאן ערקאנט אונ וואלט אריין גיפאלין אין זיינעם פאטערס קלויען דאן וואלט ער שוין מיט זיינעם לעבין פערפאסט, אם וויינינגסטין וואלט ער שוין זיינע פרייהייט אויף אימער אונ אייביג פארלארין, דאס ענדע דער פון וואר דאס ער האט דאס מיידכען גילאזט מעלדען דורך דעם שאטעאוינרין דאס זיא האט שוין מער ניט צוא האפין אויף אים, דען ער וויל זיא ניט, אונ וועט איר פאר גיטינין מיט גינוג געלט באם זיא ווירד זיך אומקערין צוריק צו איר חתן וואס ער האט אים צוא ליב איר פאר איין פארשט מייסטער געמאכט, אונ זיא וואר דורך דעם אזו ווייט גיקרינקט

לארדען, דיא באראנען, דיא בישופין, ארום א יגעם טראהנשטול אזו וועלכעס עס איז געוועסין דיא קיניגען היינריכס פרויא ריכארדס מוטער געקליידעט אין טרויער, דען ניט לאנג איז געשטארבין איר מאן דער קיניג. זיא וואר שוין צוואר ניט מעהר יונג, דאך אבער נאך גענוג שיין אונ מאיעסטעטעס, עס וואר נאך צו זעהען ביא איר דער זעלבינע יוגענדליכע שטאלץ, דיא זעלבינע הערשענדע מינע מיט וועלכין זיא האט זיך אויס געצייכינט אין איר צוואנציגסטען יאר וואס זיא האט דאן געגאלטין אין דער וועלט פאר דיא קיניגען פון אלע פרויען.

אלע דיזע גרויסע הערין זיינען דא צוזאמען געקומען אום איר מנחם אבל צו זיין אונ צו הערין צו גלייך פון איר נייע בעפעהלע, דען איר זון ריכארד וואר נאך ניט אין איינגלאנד, אונ ביז זיינעם קריינען זיך וואר זיא דער ווייליגע פיהרערין, דער ערצבישוף באלדויום פון קאנטערבוריא האט געהאלטין פאר איר איינע רעדע אין דעם נאמען פון דעם גאנצין אדעל, אין דיזער רעדע וואר בעדויערט איר מאן, אונ צו גלייך געטרייסט דיא קיניגין אונ גיבענטשט דעם נייעם נאסלעדניק, דאס הייסט איר זון ריכארד, דער נאך האט דער מיניסטער פודזייע פארגילעזין פאר זייא דעם מאניפעסט פון דעם נייעם קיניג דאס ער בעפרייעט פילע פארשיקטע, שיינקט פילע שולדין. פאר קלענערט דיא אפגאבין, אונ עס איז דער ביא געשריען געווארין "עס לעבע ריכארד לעוונהערץ" עס לעבע דיא קיניגין.

אונ עס וואר אלס זייא זיינען זיך אויס איינאנדער גיגאנגען, האט דיא קיניגין אריין גיבעטין אין איר נאבינעט איר מיניסטער דעם בישוף פודזייע, אונ דארט האט זיא זיך פון איינאנדער גירעט מיט אים וועגין דעם דאמאלסדיגען אונזיכערין צושטאנד פון לאנדאן וואס עס האבין זיך אין אירע גאסין דאן אומגישלעפט זייער פיל קרייצפאהרער ליידיג אונ לויז אונ פלעגין אויס צו מאכין זייער פיל דראקעס אין דיא ביר האלען, אונ האבין אין יעדער שטונדע געטאן איין נייעם פערברעכין "א ליבער בישוף" האט זיא צו אים געזאגט, איך בעט אייך זעהעט מיט אלע מעגליכקייט לויז צו ווערין פון דיזע פאדלע חברה, העין פערבלייבין זייא דא ווייטער וועט עס זייער לייכט קומען צו איינער מרידה. וויא איך האב גיהערט האבין זייא שוין בדעה איבער צו פאלין איבער דיא יודין, אונ דאס איז זייער שלים, ניט ווייל איך ליבע דיא יודין, נור ווייל איך פירכטע דאס דאס ווירד שוין צו נאך פיל שלימערס פירען אין דיזע אונרוהיגע צייטין, אונ נאך ווייס איך ניט וואס מיין זון ווירד דער צו זאגין, דען ער איז דיא יודין זייער נוט, ער


האט

אַזוֹ וִויא עֶס וָזאלְט אִין דֶער גְרוֹיסֶע וֶועלְט נִיט גִיגֶעבְּט קֵיין אַנְדֶער מֶענְטְש לוֹיט יוּדִין אַלֵיין , נוּן קְרֵיינְקְט עֶס מִיךְ זֵייעֶר דָאס אִיךְ דַארְף עֶס אַלְץ צוּ זֶעהֶן .

אָ הֶעטֶע אִיךְ גִיוֶועזְן אַיין מַאנְכְפֶּערְזוֹין „הָאט זִיךְ דִיא ראדריגע אָפּ גֶערוּפִין" דַאן וָואלְט אִיךְ שׁוֹין אִיבֶּער דִיזֶע שְׁוֵויינְקֶערְלֶע אִיבֶּער גֶעפַּאלִין , אִיךְ וָואלְט זֵייא גֶעווִיזֶען דָאס עֶס לֶעבִּין נָאךְ מֶענְטְשִׁין אִין דֶער וֶועלְט חוּץ יוּדִין אוֹיךְ , „אוּנ דָאס הָאט לוֹיט רֶעכְט גֶעדַארְפְט שׁוֹין גִישֶׁעהֶען" הָאט זִיךְ דִיא עֶפּפּא אָפּ גֶערוּפִין אַלְס דִיא גֶעכְטֶע זַיינֶען נָאךְ דָארְט בַּייא זַאמֶען , דֶען זֵייא זַיינֶען אַלֶע דֶעפּוּטִירְטֶע פוּן איינגלאנד פוּן נארמאנדיע אוּנ הָאבִּין גֶעבְּרַאכְט מִיט זִיךְ גְרוֹיסֶע קַאפִּיטַאלִין . דֶען זֵייא ווִילֶען דָא זַיין אִיבֶּער דִיא קְרֵיינוּנְג , אוּנ ווִילֶען מַאכִין גְרוֹיסֶע פְּרָאזֶענְטֶער פַאר דִיא גְרֶעסְטֶע לָארְדִין אוּנ פַאר דֶעם קֶינִיג זֶעלְבְּסְט , אִיךְ הָאב גִיזֶעהֶען בַּייא זֵייא נוּר אַיין קְרֶעדֶענְץ פוּן גָאלְד אוּנ זִילְבֶּער וָואס קָאסְט מֶעהְר אַלְס הוּנְדֶערְט טוֹיזֶנְד טָאלֶער דָאס זָאל מֶען דֶעם קַאנְצְלֶער שֵׁיינְקֶען דָאס מֶען זָאל זֵייא נִיט אַרוֹיס טְרַייבִּין פוּן איינגלאנד , נוּן אִיז שׁוֹין לַייכְט צוּ פֶערְשְׁטֵיין דָאס וֶוערְט פוּן דֶעם קֶינִיגְס פְּרָאזֶענְט , נוּן וֶוען מִיר וֶועלִין אִיבֶּער פַאלִין אִיצוּנְד אִיבֶּער זֵייא קֶענֶען מִיר אוּנְז פַאר רַייכֶע לַייט מִיט אַיין מָאל מַאכִין , „נוּר אָבֶּער וָואס טוּט מֶען מִיט בֶּעזְוִיפֶענֶע קֶערְלֶע הָאט זִיךְ דִיא ראדריגע אָפּ גֶערוּפִין" אוּנ זֵייעֶר הוֹיפְּטְמַאן אִיז נִיט נִיכְטֶערֶער פַאר זֵייא .

דִיזֶע לֶעצְטֶע וֶוערְטֶער אִיהְרֶע אָבֶּער אִיז אִיר נִיט וואוֹל בַּאקוּמֶען , דֶען חברה הָאבִּין עֶס דֶער הֶערְט אוּנ הָאבִּין אִיר צוּ פַּאצְט דֶער פַאר דָאס גֶעזִיכְט דָאס אִיר וַוייסֶעס קְלֵייד הָאט זִיךְ פוּן אִיר בְּלוּט רוֹיט גִיפַארְבְּט , אוּנ נָאךְ מֶעהְר פְּסַק הָאט גֶעהַאט דִיא עֶפּפּאי , דֶען זֵייא הָאבִּין אִיר צוּ בַּיילְט אוּנ צוּ קַיילְט , אוּנ זִיא וָואלְט גֶעווִיס גֶעבְּלִיבֶּען אַטוֹיטֶע אוּנְטֶער זֵייעֶרֶע הֶענְד וֶוען עֶס וָואלְטִין אִיר נִיט אָפּ גִירַאטֶעוֶועט דִיא פָּאלִיצֵייעשֶׁקֶע וָואס זַיינֶען אָנְגִילָאפִין אוֹיף דִיזֶעם בֵּייזִין לַארֶעם וָואס עֶס אִיז דָארְט גִיוָוארִין דוּרְךְ דֶעם .

---

## 9.

## אַיין גִישְׁפְּרֶעךְ צְווִישִׁין דֶער קֶינִיגֶען ריכארדס מוּטֶער מִיט דֶעם מִינִיסְטֶער פוּדְזַייעֶ אִין אִיר פַּאלַאץ .

דָארְט אִין אַיינֶעם גְרוֹיסִין זַאל פוּן דֶעם פַּאלַאץ וֶועסְט מִינִיסְטֶער זַיינֶען גֶעשְׁטַאנֶען אִין אַיינֶעם הַאלְבּ קְרַייז דִיא גְרֶעסְטֶע לַייט פוּן איינגלאנד , דִיא

אַזוֹ ווייט געשריבען דאס איך בין אנגעקומען צו דעם בענעדיקטוס אין שטוב, דיא וואַרהייט צו זאגין דאס עס פעלט מיר בייא אים ניט אין עסין ניט אין טרינקען, אונ זעהע מיר דארט זייער אפט אויך מיט דעם גראפין, אונ בין אזוֹ צייט איך בין אהין אן געקומען ניט פאר שמאכט, אונ דאך גייט עס מיר ניט איין זעהענדיג אין וואס פאר איין נחמה אונ גדולה זייא לעבין דארט, וואוגען וויא דיא פירשטען, עסין אונ טרינקען דאס בעסטע, אונ פירען זיך אויף פרימער אלס אונזערע פרומסטע דוחאווניע, דיא מענער זיינען אימער ניכטער. דיא פרויען זיינען גרויסע צנועות, דיא וואכין טאגע פאר בריינגט מען אין גרויסע אונ גליקליכע געשעפטין, דיא שבתים אונ דיא פייער טאגע אין זייער גאטעס דינסט, עס איז דאן זייערע הייזער צוגיקליבין אונ באלויכטין וויא אמאל זייער בית המקדש, א וואלטין זייא גיהאט דער צו איינעם ריינעם גלויבין האן העטע מאן קענען גלויבין דאס עס הערשט עפעס איינע היילינע געטליכקייט דאן.

אונ צייט דרייא וואכין זיינען דארט אין דעם בענעדיקטעס הויז זייער פיל געסט, אונ עס איז דארט מאלצייטין איבער מאלצייטין, עס זיינען דארט זייערע דרייסיג דיא רייכסטע לייט פון איינגלאנד דיא גרעכטע ראבינער, איינער איז גאר פון נארמאנדיען פון דער שטאט ארלעאנס, ער הייסט ר' יעקב וואס איז באקאנט בייא זייא אונטער דעם נאמען "רבינו תם" זייא האלטען אים פאר איין היליגען אונ טוען אים כל הכבוד.

מעהר פאר אלעם איז דארט איין ערווינצטער גאסט איין געוויסער בילד שיינער יונגער מאן פון שפאניען, צייט איך לעב האב איך נאך אזוֹ איונגען אידען ניט גיזעהען, ער גייט גיקליידעט וויא איין עכט שפאנישער קאוואליער מיט איינעם דעגען בייא דער זייט, אונ איז אזוֹ גאר איין בלאהאראדיע. אונ פירט זיך אויף זייער איידיל. דאס איך האב געמיינט אין אנפאנג דאס ער איז איין שפאנישער פירשט. אונ בין אזוֹ וויא פון וואלקין ארונטער געפאלין אלס איך בין געוואר געווארין דאס ער איז גאר איין יודע, אונ איז אחתן פון איינער מיידכען פון יארק וואס זיא איז דיא טאכטער פון דעם רייכין מייסטער יאסען וואס איז קיניגליכער שאצמייסטער דארט אין יארק, אונ צוליב אים איז געקומען אויך דער יאסען מיט זיינער פרויא, נון איז דארט איצונד פריידין איבער פריידין, עס שפארט מיר אויס דאס הארץ עס צו צו זעהען, אונ נאך מעהר וויא זייא האלטין איינער פון דעם אנדערין וויא פון עפעס רעכטס. בענטשין זיך אימער. ריידען נור אימער פון זייערע גרויסע לייט אונ דער מאנען קיינען קריסטליכען נאמען

דער צו מיט אונזער לעבין ניט זיכער, «א ליבער פריינד» האט זיך דער אקסבארען אפ גערופין. איך ווערדע דער פאר אויך זארגין, איך לאז שוין דא אויף דער שטעלע אוים רופין דאס אלע ארעמע קרייצפאהרער זאלין זיך אין דיזע צווייא דרייא מאנאטין בעקעסטיגען אויף מיינער רעכענונג דא בייא דיזעם ווירט פון דיזער ביר האלע, דען איך אלס גרויסער ביר ברויער שטייא אין גרויסע רעכענונג מיט דעם ווירט, נון וועל איך האבין טרויא אונ גלויבין בייא אים ביז יענע צייט, אונ דאן ווערדע איך אוים צאלין מיט דעם רויבונג וואס מיר וועלין דאן האבין פון דיא יודין, דיא הילע אונ פילע (דאס הייסט לרוב) איך וועל עס אים באצאלין מיט גוטע רוחים, נון וועט שוין קיינעם דיא נויט צווינגען צו ענטדעקין עס דיא יודין פאר געלט.

אונ דאס איז באלד גישעהן, דען דער ווירט האט איין געווילינגט אין דיזעם גישעפט, אונ דאן האט עס אקסבארען זעלבסט אוים גערופין, דאס יעדערער פון דיזער גיזעלענשאפט וואס האט ניט וואס צו עסין האט דא פרייא טיש גאנצע דרייא מאנאטין. אונ עס ווארדע דא ווידער צו גישריען פון דיא עקין דער ביר האלע «עס לעבע אונזער הויפטמאן אקסבארען» «עס לעבע אונזער ווירט» «אונ דאן וועט שוין זיין מיינע ערסטע זאכע» האט זיך אפ גערופין דיא ראדרינגע דעם הענצענס ווייב, ארום צו רייסין דיא רייכע יודען פרויען וואס גייען געצירט וויא דיא קיניגען, אונ דער צו נאך אזו שטאלץ וויא דיא זינדיגע אדאמס טעכטער, א איך וועל זייא דאן נאקעט שטעלין וויא דיא חוה.

«א ליבע ראדרינגע» האט זיך צוא איר אפ גערופין איינע אלטליכע בלינדליכע פרויא, מען דארף ניט קיינע רייכערע אלס דיא שטאלצע שפרה בענעדיקטעס ווייב, אירע צירונג וואס זיא טראגט אויף איר האלדז אליין איז מעהר אלס טויזענט דוקאטין ווערט, אונ צעהען מאל נאך מעהר האט זיא אין קאסטין, «א וויא איך לעבע» האט זיך דיא ראדרינגע אפ גערופין אומקערענד זיך אום צו זעהען ווער דיא שפרעכערין איז, וויא איך לעבע דאס איז דיא אלטע לאנג שוין פון מיר פאר געסענע עפפאי. א איך האב אייך שוין לאנג געהאלטין פאר געשטארבין, נון לויב גאט דאס איר לעבט נאך, נון וואו ווארט איר דיזע לאנגע צייט, אונ וואו זייט איר איצונד, «א וואס איז צו פרעגין אויף מיר עלענדע מיינע בעסטע פריינדין» האט זיא איר גיענטפערט, צייט מען האט מיין מאן געהאנגען מיט קניטערס באנדע צוזאמען האב איך ניט פאר אייך געדאכט קיין באשטאנד געהאט, איך פלעג זיך וועלגערין פראסט אין דיא גאסין, נון האט מיך דער נויט שוין

אונ בעפאר איר װעט איינעם פון זייא טייטין װעלין דער װײלע דיא
נאצײלסטװע װעלכע זייא װעלין מיט טױזענדע דוקאטין משחד זיין הונדערטע
פון אײך װיא געמײנע מערדער אױף הײנגען, א איהרע גאלדענע װאפין
זײנען פיל געפערליכער אלס אײערע אײזערנע געװער, נײן דיזער טריט
מוז מיט גרױס איבער לײגונג גישעהען, זאנסט גײט אונזער גוטע זאכע
גאנץ פאר לארין.

"א דוא האסט רעכט ליבער אקסבארען" האבין זיך הונדערטע שטימען
אפ גערופין, דוא רעדסט זײער קלוג, דען דוא ביזט װירקליך קלוג אונ
זײער בעדעכטיג, אונ אזו ברױכין מיר קײן בעסערין הױפטמאן איבער
אונז צו דיזער הײליגע זאכע אלס דיר, נון װאר געטרונקען צוליב דעם נאר
איבער נײעס אונ עס װאר אױס געשריען דער ביי ביא פולע גלעזער
מעד "עס לעבע אונזער הױפטמאן אקסבארען".

"אונ װען איך בין שױן יוא אײער הױפטמאן" האט זיך דער אקסבארען
אפ גירופין דא באשװערע איך אײך דאס איר זאלט דיזין פלאן האלטין
בסודי סודות, אונ בלײבט העכסט רוהיג גאנצע דרײ מאנאטין ביז איבער
דיא קראנאציע אונ ביז דער נײער קיניג װירד אפ ציהען פון איינגלאנד
צוא דעם קרײצציג, דען איך קען דעם ריכארד לעװענהערץ, װיא אױך
ער האט דיא יודין פײנט װעט ער אונז זײער שטרײנג באשטראפין דער
פאר, אונ נור װײל מיר האבין עס גיטאן מיט אונזערע אײגענעם װילין,
װעלין מיר אים שױן אבער האבין פון װײטין דארט אין פאליסטינע דאן
װעלין מיר טאן נאך אונזער הערצענס לוסט, איך װערדע פאר אױס גײן
װיא אײן גוטער יענעראל אונ מיט מיר אלע גיװאפענטע מענער, אונ
אונזערע פרױען אונ אונזערע קינדער װעלין ציהען נאך אונז, מיר װערדין
מארדין, אונ זײא װערדין נור רױבין, אונ צוא רױבין װעט זיין גינוג,
נון פאר שטײט איר מיך.

"עס איז זײער גוט באערעכינט ברודער" האט זיך דער הינצעס אפ
גערופין, דאך אבער איז אײנע גרױסע פראגע װאס טוט מען ביז יענער
צײט, צװײא דרײא מאנאטען האבין װאס צו זאגין, נון װער קען ערב זיין
דאס ניט אײנער פון אונז זאל עס ניט ענטדעקין דיא יודען, אונ מאנכע
װעלין עס געװיס טאן אױס נױט, דען דער גרעסטער טײל פון דיא
קרײצפאהרער זײנען בלוט ארעם, אונ דיא יודין װערדין זייא דער פאר
זײער גוט לױנען, אונ דאן װיא דיא יודין װעלין נור װיסען דער פון האבין,
איז אײנע ענדע שױן מיט אונזער גאלדענעם פלאן, אונ מיר זײנען נאך

אָפּ גֶערוּפִין, דָאס הָאט דָאךְ נוּר אֵיינֶער גֶעטָאן, אוּנ אֵיינֶער אִיז קֵיינֶער, מִיר קֶענֶען נָאךְ הַיינְט אוֹיךְ דָאס זֶעלְבִּיגֶע טָאן וָואס יֶענֶע קְרֵייצְפַאהְרֶער הָאבִּין גֶעטָאן מִיט דְרַייסִיג יָאר צוּרִיק, אָ מִיר לֵייפְט אִיבֶּער מַיין הַארְץ אַלְס אִיךְ דֶער זֶעה דִיזֶעס בְּרוּדֶנֶע חברה, דִיא שׁוּרְקֶען גֵייֶען גֶעקְלֵיידֶעט וִויא הֶערְשַׁאפְטִין, וואוֹנֶען וִויא פִּירְשְׁטֶען, אוּנ זַיינֶען בַּאלָאדִין מִיט גָאלְד, אוּנ מַאנְכֶער אָרֶעמֶער קְרִיסְט שְׁמַאכְטֶעט פוּן הוּנְגֶער אוּנ פוּן קֶעלְט, אוּנ זַיינֶען נָאךְ דֶער צוּ גְרוֹיסֶע גָאטְס לֶעסְטֶער. אָ הֶעטֶע אִיךְ גִיהַאט אַגוּטֶע בַּאנְדֶע צוּ מִיר וָואס דֵיינְקֶען וִויא אִיךְ, דַאן וָואלְט אִיךְ שׁוֹין אִיבֶּער גִיפַאלִין אִיבֶּער דִיזֶע קֶערְלֶען, אוּנ וָואלְט אִין אַקוּרְצֶע צַייט אוֹיס גֶערֵיינִיגְט גַאנְץ לאנדאן פוּן דִיזֶע אוּמְצִיכְטִיגֶע גֶעסְט, דָאס דֶער קִינִיג ריכארד וָואלְט מִיךְ שׁוֹין דֶער פַאר קִינִיגְלִיךְ גֶעלוֹינְט אוּנ גֶעפְּרִיזֶען, אוּנ אוּנְזֶערֶע אָרֶעמֶע קְרֵייצְפַאהְרֶער וָואלְטִין שׁוֹין פִיל רַייכֶער גֶעוָוארִין.

דִיזֶער בְּלוּטִיגֶער גִישְׁפְּרֶעךְ הָאט גֶעוִוירְקְט אוֹיף דִיזֶער בְּרוּדֶנֶע חברה וִויא אַיין פוּנְק פַייֶער אוֹיף אֵיינֶעם קַאסְטִין פּוּלְוֶוער, דֶען עֶס הָאבִּין זִיךְ דוּרְךְ דֶעם מִיט אֵיין מָאל אָנְגֶעצוּנְדִין אַלֶע זֵייעֶרֶע גֶעמִיטֶער אוּנ הָאבִּין אוֹיס גֶעשְׁרִיֶען אֵיין שְׁטִימִיג „עֶס לֶעבֶּע דֶער קְלוּגֶע קָאפּ אקסבארען אוּנ עֶס לֶעבִּין דִיא קְרֵייצְפַאהְרֶער" עֶס הָאבִּין זִיךְ אַזוֹ גָאר גֶעפוּנֶען אוּנְטֶער זֵייא מַאנְכֶע וָואס הָאבִּין זֵייא דֶער פוּן אָפּ גִירַאטְהֶען, אוּנ הָאבִּין זֵייא עֶרְקְלֶערְט דָאס דָאס וֶועט זַיין גֶעהַאנְדִילְט גֶעגִין דִיא קְרִיסְטְלִיכֶע רֶעלִיגְיָאן, אוּנ אַזוֹ גָאר גֶעגִין דֶעם וִוילֶען פוּן דֶעם נַייֶעם קִינִיג וָואס אִיז אַיין גִירֶעכְטֶער מַאן, אוּנ וֶועט פַאר אַזוֹ אַזַאךְ זֵייעֶר שְׁטְרֵיינְג בַּאשְׁטְרָאפִין, זֵייא הָאבִּין אִים אָבֶּער אַלֶע אוֹיס גֶעלַאכְט, אוּנ הָאבִּין אִים גֶערוּפִין „פַאר פְלוּכְטֶער יוּדִין פְרַיינְד" אוּנ הָאבִּין אִים נָאךְ גֶעוָואלְט גָאר טוֹיט שְׁלָאגִין וֶוען דֶער ווִירְט וָואלְט זֵייא נִיט אָפּ גֶעהַאלְטִין, דֶער וַוײלֶע אִיז דָארְט גֶעוָוארִין אַגְרוֹיס גֶעטוּמִיל, אוּנ אַלְס דֶער הִינְץ הָאט אָנְגִיהֵייבִּין צוּ שְׁרַייֶען „גִישְׁווִינְט אַרוֹיס אִין דִיא אִידֶעשֶׁע גַאסִין" הָאט זִיךְ אָפּ גֶערוּפִין דֶער אקסבארען „נֵיין זָאג אִיךְ" נִיט גֶעאַיילְט, עֶס מוּז פְרִיעֶר אַיין הוֹיפְּטְמַאן גֶעמַאכְט וֶוערִין, עֶס מוּז עֶס צוּא גֵיין מִיט אָרְדֶענוּנְג אוּנ מִיט גְרוֹיס אִיבֶּער לֵייגוּנְג, אַיין קְלוּגִין פִיהְרֶער מוּזִין מִיר פְרִיעֶר הָאבִּין, זָאנְסְט וֶוערְדִין מִיר גָאר נִיט אוֹיס פִיהְרֶען. אִיר קֶענְט נִיט דִיא פַיינְדֶע מִיט וֶועלְכֶע אִיר ווִילְט דָא צוּ טָאן הָאבִּין, דִיא יוּדֶען זַיינֶען צְוַואר נוּר אַיין שְׁוַואכֶער הוֹיפִין, אָבֶּער גַאנְץ קְלוּג אוּנ פִּיפִּיג, זֵייא וֶועלִין אַייךְ שׁוֹין פוּן דֶעם עֶרְסְטִין לַארֶעם אַייעֶרִין פַאר שְׁטֵיין וָואס אִיר מֵיינְט, אוּנ וֶועלִין שׁוֹין מִיט זֵייעֶרֶע עשירות צוּ לֵייפִין צוּ זֵייעֶרֶע בַּאקַאנְטֶע קְרִיסְטִין,

זייא אנגיהייבן גראב און צו קומען איינער דעם אנדערן, האבן אנגיהייבן צו קלאפן זייער שטארק מיט דיא פויסטן און דיא טישן דאס דיא גלעזער אונ דיא פלעשער האבן אנגעהייבן דארויף צו טאנצן, אונ דאס האט אזו לאנג געדויערט ביז איינער האט זיך אפ גערופן, וועט איר שווייגן אונ רוהיג זיין איז גוט, אונ ווען ניט וועל איך אויך אזו פוקן אויף אייערע מוחות, "יא דוא הינץ דוא לעבסט נאך" האט זיך איינער פון דיא פויקער אפ גערופן, אונ דער צו נאך געזונד, וויא איך זעה האסטו שוין גימוזט פאר געסן דיא בלוטיגע קלעפ מיט דעם גראבן שטאק וואס דוא האסט באקומען דארט אין דער כעאפזידער גאס ביי דער פראצעסיע פון דעם פארשטעלטן ריטער, א שאדען וואס יענער וואר אזו גייציג דער מיט, ער האט געדארפט ניט אגאנצן ביין לאזן אין דיר, דאן וואלט דיא וועלט פטור געווארן פון איינעם לעסטיגען מענטשן;

"א מעכטע אים דער שווארץ יאר נעמען" האט זיך אפ גערופן דעם הינצענס ווייב וואס מען האט איר גערופן "עמינגארדע" דאס וואר קיין מענטש נור איין טייוועל, מיין מאן האט אגאנץ ווינטער דער פון גיקרענקט, איך האב אים קוים דאס לעבין ערהאלטן. "אונ דאס וואר אלץ" האט זיך אפ גערופן איין געוויסער אקסבארען, פאר איין אידעשעם מיידכען, איך האב דאס גליק געהאט צו זעהן באלד נאך דיזער הראקע דעם פארשטעלטן שלעגער מיט זיינער פאר פלוכטן מיידכען, דען איך זעלבסט האב זייא דאן געשיפט אויף דער טעמזע, "אונ ווארום האסטו זייא ביידן ניט אריין געשמיסען אין דער טעמזע" האט דיא עמינגארדע אים גיפרעגט, "דאס איז קלוג גיפרעגט" האט ער איר גיענטפערט, ער האט אויך גיהאט דאן אדעה, ניט פאר געסט דאס דיזער ריטער וואר דאך איין ריז, עס וואלט מיר מער ניט וויא דאס גיפעלט און צו הייבן זיך מיט אים, איך וואלט שוין לאנג געשלאפן אין דעם נאסן קבר.

"עס איז ווירקליך שרעקליך" האבן זיך איניגע קרייצפאהרער אפ גערופן, וויא דיא צייט האט זיך זייער שטארק גיענדערט, מיט איאר דרייסיג צוריק אין דער ערשטן קרייצציג איז עס גאנץ אנדערש מיט דיא יודען געשטאנען, זייא זארין דאן פויגיל פרייא (הפקר) אונ עס וואר גאר אשאנדע צו צייגין זיך דאן אלס איין יודען פריינד, אנדערע צייטן אנדערע לייטן, פאר קערט נאך עס וואר דאן פאר איינע מצוה געהאלטען איינען יודען צו מארדען, אוים צו רויבן, פאר יאגין, אונ היינט ווערט נאך איין גוטער קריסט גישלאגין צוליב איין יודין קינד, "יא" האט זיך דער אקסבארען

דַיין חָתָן אוֹיף נֶעמֶען זֵייעֶר פְרַיינְדְלִיךְ אוּנ שְׁפִּילִין דֶער בַּייא דִיא רָאלֶע פוּן אֵיינֶער קְרַאנְקֶע , דַאמִיט וֶועסְטוּ פִיל צַייט גֶעוִוינֶען . דֶען דוּרְךְ דֶעם וֶועט שׁוֹין נִיט אַזוֹ שְׁפַּארְקֶע דִיא חֲתוּנָה זַיין , אוּנ צַייט גִיוואוּנֶען אִיז שׁוֹין אַלֶעם גִיוואוּנֶען , אוּנ פִילַייכְט וֶועט נָאךְ דַיין חָתָן דִיךְ נִיט וֶועלִין דַארִיבֶּער פָאלְגְ מִיךְ אוּנ זַייא רוּהִיג .

דִיזֶע עֵצָה אִיז אִיר הֶעכְסְט גִיפֶעלִין , דָאס זִיא הָאט דִיא הדסה אַקוּם גִיטָאן , אוּנ הָאט אִיר גִישְׁוָוארִין דָאס זִיא זָאל עֶס אַלְץ וָואס זִיא הָאבִּין גִירֶעט הַאלְטִין בְּסוֹד גָדוֹל , אוּנ הָאבִּין זִיךְ גִילֵייגְט שְׁלָאפִין .

## 8.

## „דִיא שֵׁיינְק שְׁטוּבֶּע , אָדֶער דִיא בִּיר הַאלֶע״

אִין אֵיינֶער גְרוֹיסֶען רוֹיכִינֶען שֵׁיינְק שְׁטוּבּ , אָדֶער בִּיר הַאלֶע , וָואס וַואר דָארְט אִין לאנדאן אִין אֵיינֶער שְׁמָאלֶע גֶעסִיל . זַיינֶען אִין דִיזֶער צַייט אִין אֵיינֶעם גֶעוִויסִין טָאג גִיזֶעסִין זֵייעֶר פִיל מֶענֶער אוּנ פְרוֹיעֶן , איינגלענדער פוּן נִידֶערִינְגְסְטֶען קְלַאסֶע אוּנ הָאבִּין גִיטְרוּנְקֶען זֵייעֶר פִיל בִּיר אוּנ מֶעד , אַטֵייל פוּן זֵייא הָאבִּין צוּ גִיבִּיסֶען אוֹיךְ קֶעז אוּנ בְּרַאטִין , אוּנ וַוארִין דֶער בַּייא הֶעכְסְט לוּסְטִיג אוּנ פְרֵיילַאךְ , דֶער גְרֶעסְטֶער טֵייל פוּן דִיזֶע טְרִינְקֶער וַוארִין גֶעצֵייכִינְט אוֹיף זֵייעֶרֶע לִינְקֶע אַקְסְלֶען מִיט רוֹיטֶע קְרַייצֶען , אַיין צֵייכִין דָאס זֵייא וַוארִין פוּן דִיא קְרֵייצְפַאהְרֶער . דֶען וִויא מִיר וֵייסִין וַוארִין דַאן זֵייעֶרֶע אִין לאנדאן זֵייעֶר פִיל , זֵייא הָאבִּין זִיךְ צוּזַאמֶען גֶעקְלִיבֶּען דָארְט אוּם דָאס דֶער קִינִיג זָאל מִיט זֵייא צִיהֶען אִין דָאס הֵיילִיגֶע לַאנְד קֵיין ירושלים אוּם צוּא בַּאפְרַייעֶן דֶעם הֵיילִיגֶען גְרַאבּ דָארְט פוּן אוּנְטֶער סאלאדינס הֶענְט , דִיא וַואהְרֶע אוּרְזַאכֶע פוּן דִיזֶער הוּלַאנֶע וַואר דָאס מֶען הָאט גֶעסְטֶערִין אוֹיס גֶערוּפִין אִין שְׁטָאט דָאס ריכארד וֶוערְט קִינִיג אָנְשְׁטָאט זַיין פָאטֶער היינריך וָואס אִיז דָארְט אִין נארמאנדיא גִישְׁטָארְבִּין , אוּנ דָאס וַואר זֵייעֶר לַייכְט צוּ פֶערְשְׁטֵיין פוּן דִיא גְוַואלְטִיגֶע וִויוַואדֶען וָואס דִיא טְרִינְקֶער הָאבִּין אוֹיס גֶעשְׁרִיעֶן אוּנ אוֹיס גֶערוּפִין עֶס לֶעבֶּע דֶער קִינִיג ריכארד , דֶער נַייעֶר קִינִיג לעווענהערץ וִויוַואד ! וִויוַואד ! וִויוַואד ! .

דָאךְ דִיזֶער פְרֵידֶען אוּנ פְרֵיילִיכֶער אַחְדוּת וָואס וַואר צְוִוישֶׁען זֵייא וַואר נִיט פוּן לַאנְגֶען דוֹיעֶר . דֶען וִויא נוּר זֵייא הָאבִּין זִיךְ בֶּעזוֹיפִין הָאבִּין

ווייטען וואונק , דאס דער פלוך פון דיינעם זיידען וועט מקוים ווערין דורך דיר .

"הערע הדסה" האט זיך מלכה אפ גירופין , ערשטענס וויל איך ניט ליידין דאס דוא זאלסט ריידין פאר מיר אין דיא אויגען אויף דעם מערדוינט ווייל איך וויים אים דאס ער איז מער אלס איין מענש , ער איז איין ענגעל , אונ ווייטער וואס דוא מיינסט מיך איין צו שרעקין מיט דעם פלוך פון דעם גרויס פאטער זייא וויסין דאס איז איינע פאר צייטיגע שטראסידלע אום באַרעבייציקעם דאמיט צו פאר יאגין , אבער ניט אזעלכע וויא איך בין , "דאך אבער מלכה" האט זיך דיא הדסה אפ גירופין , ניט פאר געס דאס ער איז אקריסט אונ דוא נור איינע אידין ביזט , נון הייסט עס דוא ווילסט צו ליב אים איינע קריסטען ווערין "אונ וואהרום ניט" האט איר מלכה גיענטפערט . איז דען אקריסט אין זיינעם גלויבין ניט אזוי גליקליך וויא איין יודע אין זיינעם גלויבין "גאנץ געוויס ליבע מלכה" האט איר הדסה גיענטפערט , דאך אבער נור ווען ער איז אלס קריסט גיבארין , אדער צום ווייניגסטין גיווארין אקריסט אויס ריינער איבער צייגונג , דאס הייסט אויס דעם גרונד דאס ער וויים דאס , נור דיא קריסטליכע אמונה איז דיא ריכטיגסטע אין דער וועלט , אונ דוא אבער ווילסט ווערין איינע קריסטין נור צו ליב דעם וואס דוא ביזט פאר ליבט אין דעם מערדוינט , אזוי איינע בעקעהרונג הייסט נור איינע רעליגיאנס לעסטערונג , דען וויא דוא נור וועסט אויף הערין צו ליבין דעם מערדוינט וועסטו שוין בערייהען וואס דוא ביזט איינע קריסטין גיווארין , אונ דאס איז אזוי גוט וויא געוויס , דען דער אלטער שפריכווארט זאגט "דאס דער בית עולם פון דער ליבע איז דיא הויכצייט" אונ דאן ווייהע דיר , עס וועט זיך דאן אויס ניכטערין דיין געוויסען , אונ וועט דיך וויא איין גיפטיגער וואָרעם טאצען ביז אין דיינעם גרויען עלטער , א פיל גלייכער וואלט גיוועזן פאר דיר אום צו קומען אונטער דיא הענד פון דער פראצעסיע , אלס גירעטעט צו ווערין פאר אזוי אטייערין פרייז , דוא וואלסט דאן גישטארבען אלס איינע הייליגע אונ באוויינט פון דיינעם פאלק וויא איינער פון אונזערע קדושים .

"שווייגע הדסה" האט זיך דיא מלכה אפ גירופין , ניט דוא וועסט מיך אפ פירין פון מיינעם גידאנקען איך בלייב פאר ליבט אין מערדוינט , גיב מיר נור אראט וויא זאל איך מיך באנעמען אנטקעגין מיינעם חתן אלס ער וועט קומען . אוי עס ווערט מיר זייער שלעכט דער פון .

"מיין ראט איז" האט זיך אפ גירופין דיא הדסה , דאס דוא זאלסט

פון דעם גיפטינין ליבעס פייל, דוא האסט נאך אהארין צו פאר האנדלען, אונ קענסט עס נאך פאר קויפין דעם וואס וועט איינעם העכערין פרייז באטען, וויא איינע שטיק סחורה, איך ליידער האב שוין מיין הערין פאר שיינקט, איך בין פאר ליבט, אונ ליבען קען מען נור איינעם, אונ דיזער איינער איז שוין וויא דיר באוואוסט איז דער מערדווינט אונ איין יעדער אנדערער איז מיר שוין פאר האסט, אונ דאהער אלס דיין פאטער האט דא דער ציילט פון מיין חתנס קומען, פון מיינער באלדיגין חתונה, ווארמיר עס נור צור פלאגע אונ ווייטער ניכט, א ליבע הדסה גיב אראט וואו טוהע איך מיך אהין, אלס ער וועט קומען, א שרעקליך שרעקליך האט זיך דיא הדסה אפ גירופין דוא ביזט שוין צו וויט גיקומען, צו ווייט. דוא ביזט וויא פאר שיכורט, פאלג מיך מלכה, עס איז נאך דער ווייל אלין בסוד, דוא האסט נאך צייט זיך אויס צו ניכטערין, פאלג מיך פילייכט איז נאך דיינע נייגונג צו דיזעם ריטער נור איינע הוילע תאוה אבער קיינע ליבע, פרובירע דיין הערץ, ווארט ביז דיין חתן וועט קומען, פילייכט וועט ער דיר בעסער גיפעלין אלס דער מערדווינט, דען ער איז דאך וויא דער פאטער זאגט, גינוג שיין, גינוג גיבילדעט, אונ זייער רייך׳ אונ איז נאך דער צו אאיד. אונ איין אויס גיוויילטער פון דיינע עלטערין.

״ניין ניין ליבע הדסה״ האט זיך מלכה אפ גירופין, רופע עס וויא דוא ווילסט, ליידענשאפט אדער ליבע, איך געהערע שוין דעם מערדווינט ער איז מיין אונ איך בין זיין, אונ אזו מוז עס בלייבען, אונ פאר לאנג אזו פון דיר איין ראט וויא אזו איך זאל עס דורך זעצין, ״הערע מלכה״ האט זיך דיא הדסה אפ גירופין, איך שווערע דיר דאס איך קען דיזען מערדווינט. ער איז ניט שיין אונ איז אויך ארעם, דוא קוקסט אים אן מיט גלעזערנע אויגין, נאך מער ער איז גאר איין אויס גילאסענער קעריל, אונ ווער ווייס וויא פיל ער האט שוין בעטראגין אזעלכע וויא דוא ביזט, דריטענס גייט ער אוועק אין שלאק אונ וועט ווערין אפשר גאר אקיילקע אונ וועסט זיך האלטין מיט אצרה צייט דוא וועסט לעבין, א ערבארעכע דיך איבער זיך אליין, איבער דיינע עלטערין, דער מאן דיך וויא פיל דוא מאכסט אויף איין מאל אום גליקליך בעפאר דוא מאכסט דיך אויף איינער שטונדע גליקליך, אונ ווער ווייסט פילייכט שפירט שוין דער פאטער דיינע פאר באטענע ליבע אונ האט דיר דערום דער ציילט דיא געשיכטע פון דיינע עלטערין, ער האט פילייכט געצילט צו געבין דיר דאמיט איינעם

שְׁטֶעלֶע צִיא נִיט , פַאר גֶעם נִיט דָאס דֶער יאסען אִיז דָאךְ גוּט דֶעם יאהאן , עֶר הָאט דָאךְ אִים פַאר לִיגֶען אַמַאסֶע גֶעלְט •

דִיזֶער גִישְׁפְּרֶעךְ הָאט גֶעדוֹיעֶרט בִּיז גְרוֹיסִין טָאג , אוּנ דִיא מלכה אִיז דֶער בַּייא גֶעוֶועסִין וִויא אַיין בַּאגְרָאבֶּעגֶע אוּנ הָאט אִירֶע אוֹיגֶען רוֹיט פַאר וַויינְט , אוּנ וָואס אִיז דֶער וַויינֶען הָאט אִיר דֶער ברוך גִיפְּרֶעגְט . אוּנ וָוארוּם זָאל זִיא נִיט וַויינֶען הָאט זִיךְ דִיא שפרה אָפּ גֶערוּפִין , זִיא הָאט זִיךְ דָא אָן גִיהֶערְט פוּן דִיר אַזֶעלְכֶע זַאכִין וָואס דַארְף אִיר ווירְקְלִיךְ קְרַיינְקֶען , אוּנ ווִידֶער מֵיינְט זִיא פֶערְגֶעווִיס דָאס טאלעדרא אִיז עֶק וֶועלְט , דֶער פַאר אָבֶּער וֶועט זִיא זִיךְ בַּאלְד פְרֵייעֶן מִיט דֶעם חתן הָאט דֶער ברוך גִיעֶנְטְפֶערְט , אוּנ אִיז אַוֶועק דַאוֶונֶען ותיקין •

## 7.

## אַיין עֶרִינְכְטֶער גִישְׁפְּרֶעךְ צְווִישִׁין דִיא בֵּיידֶע מֵיידְכֶען דֶעם עֶרְכְטִין טָאג שָׁבוּעוֹת אִין דֶער פְרִיא •

אוּנ עֶס וַואר אַלְס דִיזֶע בֵּיידֶע מֵיידְכֶען זַיינֶען אַרוֹיס פוּן דֶעם ברוכס קַאבִּינֶעט אוּנ זַיינֶען אַרַיין אִין זֵייעֶר שְׁלָאף צִימֶער וָואס זַיינֶע פֶענְסְטֶער וַוארֶען גִיוֶוענְדֶעט אוּנ אָפֶען אִין אֵיינֶעם לוּסְט גָארְטִין הָאט זִיךְ דִיא מלכה אָפּ גִירוּפִין צוּ דֶער הֲדַסָה אִיךְ וֶועל שׁוֹין נִיט שְׁלָאפִין , דֶען אִיךְ בִּין גַאנְץ אוֹיף גִירֶעגְט (אוֹיף גִירִירְט) , נוּן קוּם מִיט מִיר אַרוֹיס אוֹיף דִיא גַאלֶערֶיע . עֶס אִיז אַגַאנְץ שֵׁיינֶער מָארְגִין , אִיךְ וִויל שֶׁעפִּין פְרִישֶׁען לוּפְט , דֶען עֶס אִיז מִיר מַיין הַארְץ פַאר קְוֶועצְט וִויא גַאנְץ אַיין גִיפְּרֶעסְט , קוּם אִיךְ מוּז פַאר דִיר אוֹיס רֵיידִין , אָדֶער בֶּעסֶער צוּ זָאגִין אוֹיס וַויינֶען , אָ טַייעֶרֶע מלכה , הָאט זִיךְ דִיא הדסה אָפּ גִירוּפִין צוּ אִיר אִיךְ פַאר שְׁטֵייא דִיךְ נִיט , נָאךְ אַזוֹ פִיל גוּטֶס אוּנ נַחַת וָואס דוּ הָאסְט זִיךְ אָן גִיהֶערְט פוּן מַיינֶעם פָאטֶער דָאס עֶס שְׁטֵייט דִיר פָאר , זָאלְסְטוּ נָאךְ זַיין נִיט צוּ פְרִידֶען בִּיז צוּם וַויינֶען , נוּן וֵויים אִיךְ נִיט וָואס דָאס גְלִיק קֶען שׁוֹין מֶעהְר טָאן פַאר דִיר , אָ מַיינֶע לִיבֶּע הדסה הָאט זִיךְ דִיא מלכה אָפּ גִירוּפִין , דוּא בִּיזְט צְוַואר מִיר דִיא בֶּעסְטֶע אוּנ צוּ גְלַייךְ דִיא אֵיינְצִיגֶע פְרַיינְדִין , דֶער צוּ נָאךְ אַגְרוֹיסֶער בַּעַל סוֹד , דָאךְ אָבֶּער בִּיסְט דוּא מִיר נָאךְ צוּ ווִינְצִיג וַוייל דוּא בִּיזְט נָאךְ גַאנְץ נִיט גֶעגִיט , דוּא בִּיזְט נָאךְ גַאנְץ קִינְדֶעס , דַיין הֶערְץ אִיז נָאךְ אוּנְבֶּערִיהֶרְט

וואס עס איז באקאנט דארטין אין גאנץ שפאניען, דען צוא ליב אמוסער אליין וויא איהרע עלטערין האבין זייער אויס קוק ביי דיזער ערציהלונג. וואלט איך נאך ביז היינט דאס ניט דער ציילט, דען מלכה וועט זיך ניט פאר ליבען אויך ניט הערענדיג דיזע געשיכטע, איז עס מעגליך האט זיך אפ גערופין דיא שפרה דאס יאסען זאל זיך אפ זאגין פון אזוי אגאלדענע שטעלע, אונ וואס וועט דאן ווערין פון אונזערע נישעפטין, מיר וועלין אויך מיט פארין האט ער איר גיענטפערט, א עס איז מיר שוין מיאוס אונ מאוס געווארין צו האנדלען מיט דיא היגע איידעל לייט וואס ווילען ניט אפ געבין יאס זייא לייען. אונ טרעטין אונז נאך דער צו מיט דיא פים, אויסער דעם זיינען מיר ניט זיכער דא מיט דעם לעבין אונ מיט דעם אייגענם, נוא צו וואס זאלין מיר דא בלייבין אלס דאס גליק ווינקט אונז פון שפאניען צו וואו דיא יודין לעבין רוהיג אונ אין עהרין, איך גייא שוין אום מיט דעם גידאנק פיל יאר, אונ נאך מעהר דארפין מיר עס צוליב אונזער טאכטער טאן. דען איך וויל איר געבין אמאן פון דיא שפאנישע יוגענד, דען זייא זיינען מענער אויף דעם פלאץ, לומדים, משכילים, וועלט מענער, דוא וועסט זייא זעהן וועסטו מיינען דאס זיינען נור אמין דניאל חנניה מישאל ועזריה, מענער וואס ריידין צו זעקס שפראכין. אונ זיינען גרויסע חשובים ביי דיא קריסטען אונ ביי דיא אראבער.

אוי מיין ליבער מאן עס צופט מיר שוין אין הערצין ביי דיזעם געדאנקען דאס מיר זאלין פאר לאזין אונזערע אלטע קברים. אונ פון אונזער שול וואס ליגט אין איר פונדאמענט מאנכע שטיינער וואס מיינע עלטערין האבין זייא פאר שווערעס געלט דארטין אריין געלייגט. האט זיך דיא שפרה אפ גערופין, א מיינע טייערע פרויא האט איר דער ברוך גיענטפערט. ניט אין דיזע געפערליכע צייטין וואס מיר ווערין גיהעצעט אונ געיאגט פון איין ארט אין דעם אנדערין ארט איז אונז צו דיינקען פון פאטערס לאנד ליבע, מיר זיינען דא אין איינגלאנד ניט זיכערער אלס אונזערע ברידער דארטין אין פראנקרייך וואס מען האט זייא דא ניט לאנג אוים גירויבט אונ ארויס געטריבען, אונ אויסער דעם ווארום זאלין מיר זיצען אין אזוי אלאנד וואס וועט אויף אימער בלייבין איין צאנק אפפעל *) צווישען צווייא אונפריינדליכע ברידער, דעם יאהן אונ ריכארד, אונ ווער ווייס ציא דער ריכארד וועט נאך וועלין האלטין דעם יאסען אויף זיינער

שטעלע

---

*) דער צאנק אפפעל הייסט יעדער חפץ אום וועלכין מען קריגט זיך

(מלכה

גֶעזִינְדִיגְט וִויא עֶר, אוּנ הָאט דַאהֶער אַלְס זַיין פְרוֹיא מרים הָאט אִים אַזוֹי גֶעבָּארִין גֶעשְׁרִיבִּין אַפְרֵיינְדְלִיכֶען בְּרִיף מִיט דִיזֶער בשורה צוּא דַיינֶע עֶלְטֶערִין (צוּ מלכה) אוּנ הָאט פֶערְלַאנְגְט פוּן זַייא אַבְּרִיף צוּרִיק, אוּנ פוּן יֶענֶער צַייט הָאט אוֹיף גֶעגְלִיהֶעט דִיא אַלְטֶע פְרַיינְדְשַׁאפְט צְווִישִׁין זַייא אַזוֹ גְרוֹיס דָאס דֶער מאזוע הָאט זַייא שׁוֹין פִיל מָאל גֶעשְׁרִיבֶּען דָאס זַייא זָאלִין אַרוֹיס פָארִין צוּ אִים קַיין טאלעדא, זַייא הָאבִּין עֶס אָבֶּער נִיט גֶעטָאן וַוייל עֶס הָאט אָנְגֶעהֵייבִּין צוּ גֵיין זַייא דָא אִין איינגלאנד זַייעֶר גוּט. אוּנ וַואר שׁוֹין פַאר פְלָאכְטִין זַייעֶר וַוייט אִין גִישֶׁעפְטִין, אוּנ דֶער מאזעס הָאט זַייא אַזוֹ גֶעשְׁטִיצְט מִיט גְרוֹיסֶע סוּמֶען גֶעלְט פוּן וַוייטִין.

אוּנ עֶס וַואר אַלְס אִין אַיָאר נָאךְ דֶעם אִיז גֶעבָּארִין גֶעוָוארִין בַּייא דַיינֶע עֶלְטֶערִין אַטָאכְטֶער, אוּנ דָאס מֵיין אִיךְ דִיךְ מלכה. אוּנ זַייא הָאבִּין עֶס גֶעשְׁרִיבֶּען צוּ זַייעֶר שְׁוָואגֶער מאזעס. הָאט עֶר בַּאלְד פַאר לַאנְגְט דוּרְךְ אוֹיס דָאס דוּא זָאלְסְט וֶוערִין זַיין זוּנְס אכלה, אוּנ דַיינֶע עֶלְטֶערִין הָאבִּין עֶס מִיט פְרֵיידֶען אָן גֶענוּמֶען, נוּא וֵוייסְט דוּא שׁוֹין וֶוער דַיין חתן אִיז, נוּא וִויא מֵיינְסְטוּ מַיינֶע טַייעֶרֶע מלכה הָאבִּין דַיינֶע עֶלְטֶערִין עֶפֶּעס אַגוּטִין שִׁידוּךְ מִיט דִיר גֶעטָאן, דָאס אִיז דֶער יאזעף וָואס דֶער אוֹרַח ר׳ נתן נַארְגֶעל הָאט אִים אַזוֹ שְׁטַארְק מַפְלִיא גִיוֶועזְן. עֶר אִיז קוֹים מִיט אַיין יָאר עֶלְטֶער פַאר דִיר, עֶר אִיז שׁוֹין אַהֶער אוּנ אִיז בַּארִימְט אִין גַאנְץ שפאניען, עֶר אִיז שֵׁיין אוּנ גוּט וִוי אַיין אֵיינְגֶעל, אָ דוּא וֶועסְט אִים זֶעהֶן אוּנ דַיין הַארְץ וֶועט דִיר טַאנְצִין אִין דַיינֶעם לַייבּ אוֹיס גְרוֹיס פְרֵייד. אָ דוּא הָאסְט נָאךְ נִיט גִיזֶעהֶן אַיינֶעם פוּן דִיא שפאנישע אִידֶעשֶׁע יוּגֶענְד, זַייא זֶעהֶען אוֹיס וִויא פִירְשְׁטֶען קִינְדֶער, הָאבִּין אִין זִיךְ טוּטָה אוּנ לֶעבִּין, הָאבִּין צִינֶען, אוּנ זַיינֶען רַייכֶער אַלְס דִיא רַייכְסְטֶע אַייגֶנְגְלִישֶׁע לָארְדִין וָואס זַייעֶרֶע פְרַאוֶועס זַיינֶען פַאר זֶעצְט בַּייא אוּנְזֶערֶע קְלֵיינֶע קַאפִּיטַאלִיסְטֶען, אוּנ וֶוער רֶעט שׁוֹין פוּן דַיין יאזעף, עֶר אִיז דָארְט דִיא פֶערְלֶע פוּן דֶער גַאנְצִין שפאנישען יוּגֶענְד.

גָאט זַייא דַאנְק הָאט זִיךְ אָפּ גִירוּפִין דִיא שִׁפְרֶה, דָאס אוּנְזֶערֶע מלכה בַּאקוּמְט אַזוֹא אתתן. דָאךְ אָבֶּער אִיז מִיר אַוואוּנְדֶער וָואס דוּא הָאסְט עֶס אוּנְז בִּיז אַהֶער נִיט דֶער צֵיילְט, "וַוייל פַאר אַאִידֶעשֶׁע מֵיידְכֶען אִיז פִיל גְלַייכֶער נִיט צוּא וִויסֶען פוּן אִיר בֶּעשֶׁערְטִין בִּיז אִיר חֲתוּנָה, אוּנ אִיךְ הָאבּ עֶס אַייךְ אִיצוּנְד דֶער צֵיילְט וַוייל דֶער חתן וֶועט שׁוֹין בַּאלְד נָאךְ יוֹם טוֹב קוּמֶען, אוּנ מִיט אִים אוֹיךְ מלכס עֶלְטֶערִין, אוּם צוּא מַאכִין בַּאלְד חֲתוּנָה, אוּנ דֶער נָאךְ אָפּ צוּא פָארִין אַלֶע צוּא זַאמֶען קַיין טאלעדע. נוּן אִיז רֶעכְט דָאס מלכה זָאל אוֹיךְ שׁוֹין וִויסִין דִי גִישִׁיכְטֶע פוּן אִיהְרֶע עֶלְטֶערִין

„א שיצע מיך מיין גרויסער גאט" האט דיא מלכה דאן ביא דיזע לעצטע ווערטער אויס געשריען, אונ האט דאס גיזיכט פאר שטעלט מיט ביידע הענט ;

„אונ וואס איז דיר ברוך גישעהן" האט זיך דיא שפרה אפ גערופין צו איר מאן, ביזט דוא דען חסר דעה וואס דוא דער ציילסט אזעלכע זאכין פאר אקינד, „שווייג מיינע ליבע שפרה" האט ער זיך אפ גערופין. אונ דוא מיינע טייערע מלכה האב אויף מיר קיין פערדרוס אונ קלעמע דיך ניט דאריבער אונ האב קיין פאראיבעל אויך אויף מיר ניט, דען איך טוא עס נור מיט דעם ווילען פון דיינע עלטערין, זייא האבין מיך באשווארין דאס איך זאל עס דיר דער ציילין, זייא ווילין דורך אויס דאס דוא זאלסט עס וויסין דאמיט דוא זאלסט זיך היטען פון איינער פערבאטענע ליבשאפט, אונ איך וויל דאס מיינע טאכטער זאל עס אויך הערין, אונ אזו דוא אויך מיינע פרויא דאמיט דוא זאלסט וויסען וויא צו זיין איינע גוטע וועכטערין. דען אונזערע חכמים זאגין דארט אין פרשה נשא אויף דעם פסוק (יברכך ה' וישמרך, יברכך ה' בבנים וישמרך בבנות שצריכות שמירה), דאס הייסט גאט וועט דיך בענטשין מיט זין, אונ וועט דיר איין היטען דיינע טעכטער וואס ברויכין צו האבין אימער איינע שארפע היטונג.

נון ווייטער צוא אונזערע ערציילונג, פילע יארין האבין זייא פאר לעבט אין נויט אונ אין עלענד. דאך אין דעם גרעסטין פרידין, ביז זייא האבין דער לעבט פיל בעסערע צייטין, עס האט זייא אן גיהייבין בעסער צו גיין, אונ אזו זיינען זיך איבער געלאפין גאנצע צעהען יאר אונ וואַרין אין דיזע גאנצע צייט וויא אויס גישטארבענע פאר איר שפאנישע פאמיליע, ניט זייא האבין געשריבען צו איר אונ ניט זיא צו זייא, דען עס וואר דער האס נאך זייער גרויס, אונ זיין גלוט איז נאך ניט געקילט, דער ווייל אבער האט זיך דארט אין טאלעדא שוין אויך זייער פיל גיענדערט, דער דאן מאזעס יאסעס שוואגער האט גיטאן אשידוך מיט דער מרים וואס איז דעם דאן אבו בעסט אטאכטער, איינע שוועסטער פון דעם גערימטען יוזעף בן אבו בעסט, אונ דיזער שידוך איז אויך גישעהן מער אויס ליבע אלס אויס קלארין בארעכענונג, דען דיא באסטישע פאמיליע איז דאן געווארין פיל מאל גרעסער אונ געהויבענער אלס דעם מאזע אבדועלם פאמיליע, אונ צוליב דעם אליין האט זיך שוין דער מאזעס אבדועל דער מאנט זיך אן זיין שוועסטער עכסה, דאס הייסט אן דיינע מוטער (צוא מלכה), ווייל ער האט דאן איין גיזעהן דאס זיא האט אויך נור מענטשליך

זִינְט מִיר זַיינֶען אִין גָלוּת מוּזֶען מִיר אוּים זוּכֶען נוּר אַזֶעלְכֶע מַאנֶען פַאר אוּנְזֶערֶע טֶעכְטֶער וָואס זָאלִין זַייא קֶענֶען גִינֶערִין אוּנ שִׁיצִין , אוֹיךְ זֶעלְבְּסְט בַּייא דִיא קְרִיסְטֶען טוּיג אוֹיךְ נִיט לִיבֶּע אַלֵיין , צוּם בַּייא שְׁפִּיל קֶען אַייךְ דִינֶען דִיא קיטטי . דֶען זִיא הָאט זִיךְ דוּרְךְ אִירֶע פַאר פְלוּכְטֶע לִיבֶּע הֶעכְסְט אוּמְגְלִיקְלִיךְ גֶעמַאכְט , בַּייא דִיזֶע וֶוערְטֶער אִיז דִיא מלכה גֶעוָוארֶען רוֹיט אִיבֶּער דִיא אוֹיעֶרִין , עֶס הָאט אָבֶּער אוֹיסֶער דִיא הדסה קֵיינֶער גִימֶערְקְט , אוּנ דֶער ברוך דֶער צֵיילְט וַוייטֶער . נוּן וַואר אֵיינֶע גֶעהֵיימֶע לִיבֶּע צְווִישֶׁען יאסען אוּנ עכסה אַלַאנְגֶע צַייט , בִּיז דִיא עֶלְטֶערִין אִיהְרֶע הָאבִּין עֶס אָן גִימֶערְקְט הָאבִּין זַייא דֶעם יאסען שׁוֹין מֶעהְר נִיט אַרַיין גֶעלָאזִין אִין שְׁטוּב , אוּנ זֶעלְבְּסְט דֶער זוּן מאזע וָואס וַואר דֶער בֶּעסְטֶער פְרֵיינְד פוּן דֶעם יאסען הָאט אוֹיךְ אוֹיף גִיהֶערְט צוּ הָאבִּין מִיט אִים אַיין מגע ומשא ;

דִיזֶע פָארְזִיכְטִיגְקֵייט אָבֶּער וַואר שׁוֹין צוּ שְׁפֶּעט דֶען זַייא וַוארִין שׁוֹין זֵייעֶר שְׁטַארְק פֶערְלִיבְּט אוּנְטֶער זִיךְ , אוּנ אֵיינֶע קַאמֶער מֵיידְכֶען אִיז גֶעוָוארִין בַּייא זַייא בֵּיידִין דִיא פַאר מִיטְלֶערִין אוּנ פְלֶעגְט צוּ טְרָאגֶען לִיבֶּעס בְּרִיף פוּן אֵיינֶעם צוּ דֶעם אַנְדֶערִין , צוּם אוּמְגְלִיק הָאט עֶס דֶער בְּרוּדֶער מאזע אָנְגֶעשְׁפִּירְט , אוּנ הָאט דִיזֶע טְרַאנְסְפָּאטִירֶערִין עֶרְגְרִיפֶען מִיט דִיזֶעם קָאנְטֶערְבַּאנְד , אוּנ אַלְס זוּדִיקֶעס בְּלוּט הָאט עֶר אִיר גוּט דוּרְךְ גֶעקְלַאפְּט אוּנ אַרוֹיס גֶעיָאגְט , אוּנ דִיזֶעס מֵיידְכֶען הָאט דֶער מִיט דִיא שְׁטָאט אוֹיף גִימַאכְט , אוּנ שונאים הָאבִּין שׁוֹין גֶעהַאט פוּן וָואס צוּ רֵיידִין , בִּפרט נָאךְ דֶער יוּנְגֶער בַּארִימְטֶער "יאזעף בן אבובעסט" וָואס דֶער אַלְטֶער אבדועל הָאט אִים אָפּ גֶעזָאגְט דִיא טָאכְטֶער אַלְס מֶען אִיז גֶעקוּמֶען רֵיידִין מִיט אִים , וַוייל זַיין פַאמִילְיֶע אִיז פוּן אַפּוּלֶע קְלֶענֶערִין יִחוּס אַלְס זַיין פַאמִילְיֶע , אוּנ דִיזֶער יועץ וָואס וַואר הֶעכְסְט גֶעקְרֵיינְט וֶועגִין דֶעם הָאט אוּים גְרוֹיס פֶּערְדְרוּס אַרַיין גֶענוּמֶען צוּ זִיךְ אִין שְׁטוּב דֶעם יאסען , אוּנ הָאט אִיהְם גֶעשְׁטִיצְט אַזוֹ וַוייט אִין זַיינֶער לִיבֶּע מִיט גֶעלְט אוּנ מִיט רַאט דָאס דֶער יאסען וַואר שׁוֹין אִין שְׁטַאנְד צוּ אַנְטְלוֹיפִין מִיט דֶער עכסה נָאךְ איינגלאנד , אוּנ דָארְט חתונה גֶעהַאט מִיט אִיר , אוּנ הָאט זִיךְ מִיט אִיר בַּאלְד נָאךְ דֶעם בַּאזֶעצְט אִין איינגלאנד , אוּנ הָאט פַאר לֶעבְּט מִיט אִיר דִיא עֶרְסְטֶע יָארִין זֵייעֶר אָרֶעם , דִיזֶע שַׁאנְדֶע הָאט דֶער אַלְטֶער אבדועל נִיט אִיבֶּער גִילֶעבְּט . דֶען עֶר אִיז בַּאלְד נָאךְ דֶעם גֶעשְׁטָארְבִּין פוּן גְרוֹיס פֶּערְדְרוּס , אוּנ הָאט אִין דֶער לֶעצְטֶע מִינוּט פַאר זַיין טוֹיט פַאר פְלוּכְט דִיא טָאכְטֶער מִיט דֶעם אֵיידִים , דָאס זַייא זָאלִין הָאבִּין דִיא זֶעלְבֶּע נחמה פוּן זֵייעֶרֶע קִינְדֶער וָואס זַייא וֶועלִין הָאבִּין .

דיזער ר׳ נתן האָט זיך צו ריסין לויבענדיג דאס לאנד שפאניען אונ דיא שפאנישע יודין, נון זאָלט איר וויסין דאס ער האָט נאָך קיין טויזינט טייל דער ציילט פון דעם וואס איך האָב מיך אָן גיהערט פון דיינם פּאָטער (צו מלכה) מייסטער יאסען. דען ער איז איין גיבּאָרענער שפאניר «אזו» האָט זיך דיא מלכה אָפּ גירופין, מיין פּאָטער איז אגיבּארענער איינגלענדער «נײן מיינע טייערע מלכה» האָט ער זיך אָפּ גירופין, דיין פּאָטער איז אליין אויס שפאניען אונ זיין אויס וואנדערין פון דאָרט קיין איינגלאנד איז פאר בונדין מיט אנאנצע געשיכטע, ער זעלבסט האָט עס מיר דער ציילט, אונ ווען איר ווילט עס הערין וועל איך עס איצונד איבער דער ציילין. אונ ווינטש עס דאס איר זאָלט עס הערין, «אונ וועד קען עס נאָך בעסער ווינצען אלס איך» האָט זיך דיא מלכה אָפּ גערופין, אונ האָט איר שטול גיהענטער צו גערוקט, אונ האָט אנגישטעלט אירע אויערין אום עס ריכטיג אויס צו הערין מיט דער גרעסטע נייגירדע.

דיין פּאָטער מייסטער יאסען, האָט ער אָנגעהייבין, וואר אין זיינער יוגינד וויא ער דר ציילט, איין אויס געצייכינטער יונגער מאן, נור איין עטוואס לייכטזיניג, דאס הייסט ער האָט ניט געזוכט קיין תכלית אונ האָט נור גילעבט פאר דעם אויגין בליק. אונ דורך דעם האָט ער זייער פיל אין זיין לעבין געליטען, אלס ער וואר אלט איאָר צוואנציג. האָט ער גיהאט דאס גליק צו ווערין בעפריינדעט דאָרט אין טאלעדא וואס איז אין דער אראבישע שפאניען מיט דעם דאָן «מאזעס בן אבדועל» פון וועלכין דער ר׳ נתן האָט געסטערין געשפּראָכין מיט גרויס אכטונג, עס האָט נאָך דאן געלעבט זיין פּאָטער וואס וואר דאן דער רייכסטער אין גאנץ טאלעדא, נון וואר דער יאסען צוליב דעם זון אויך אים ניפעלין, דיזער אבדועל האָט געהאט אויך איין איינציגע טאָכטער וואס מען האָט איר גערופין עכסה.

«עכסה» האָט אויס געשריען מלכה, אזו רופט מען דאך אויך מיינע מוטער «שווייג נור» האָט זיך דער ברוך אָפּ גערופין, אונ לאז מיך רעדין, דיזע עכסה וואר איין שיינעס מיידכען, קלוג, געבילדעט, אונ וואר שטאלץ אויף אירע רייכע עלטערין. זיא וואר דאן אלט נײנצעהן יאָר, אונ וואר נאָך קיינע כלה, ווייל דיא עלטערין האָבין ניט גיקענט קיין שידוך זיך צוקלייבין פאר איר, נון האָט זיך געמאכט אלס דיא עלטערין האָבין גיזוכט שידוכים פאר איר פון ווייטין, האָט זיא אויס גיזוכט אליין אשידוך פאר זיך פון נאָהענטין, איך מיין עס דעם יאסען, דאס הייסט זיא האָט זיך אין איהם פערליבּט, ליבע אליין אָבער מיינע קינדער איז ניט וואס אידעשענס, דען

אֵייגֶּנֶע אֵייגֶענֶע שׁוּל , אוֹיךְ קֶען אִיךְ זַיינֶעם זוּן דֶעם יוֹזעף , עֶר אִיז שֵׁיין וָואס הָאט נִיט זַיין גְלַייכִין , עֶר זֶעהֶעט אוֹיס וִויא אַפִּירְשְׁטִין קִינְד , אוּנ אִיז דֶר צוּ אַגְרוֹיסֶער עִילוּי אִין לֶערְנֶען , אוּנ אִין אַלֶע חָכְמוֹת , עֶר פַאר שְׁטֵייט זַייעֶר גוּט גְרִיכֶעס , לִיטַיינֶעס , אִיךְ הָאבּ אִים שׁוֹין מֶער אַלְס צְוֶועלְף יָאר נִיט גִיזֶעהֶען , נוּן מוּז עֶר שׁוֹין זַיין יֶעצְט אַגְרוֹיסֶער הִיפְּשֶׁער יוּנְגֶער מַאן . וִויא עֶס אִיז צוּ הֶערִין אִיז עֶר אִיצוּנְד אִין לִיסַאבָּאן דָארְט בַּיי דֶעם קִינִיג זאנכע אִין הוֹיף , דֶער קִינִיג וִויל אִים בַּייא זִיךְ דֶער הַאלְטִין , דֶער פָּאטֶער אָבֶּער וִויל דָאס עֶר זָאל פְרִיעֶר רַייזִין מַאכִין , אוּם דִיא גְרוֹיסֶע וֶועלְט צוּא קֶענֶען .

אוּנ אַזוֹ אִיז דָארְט דֶער צֵיילְט גִיוָוארִין זֵייעֶר פִּיל פוּן דִיא גְזֵרַת התנ״ז , פוּן דֶעם גְרוֹיסִן קִידוּשׁ הַשֵּׁם פוּן אִידֶעשֶׁע פְרוֹיעֶן אוּנ מֵיידְכֶען , וָואס הָאבִין זִיךְ גִילָאזִין בֶּעסֶער מֵמִית זַיין אַלְס צוּ וֶוערִין פְרוֹיעֶן פוּן גְרוֹיסֶע הֶערְשַׁאפְטִין . עֶס הָאט זִיךְ דֶער פוּן דָאס גִיזִיכְט בַּייא דֶער מלכה גִימִינֶערְט , אוּנ מֶען הָאט אַזוֹ אַוֶועק גִישְׁפְּרָאכִין בַּייא דֶעם טִישׁ בִּיז צְוֶועלְף דֶעם זַייגֶער .

## 6.

## דִיא עֶרְשְׁטֶע נַאכְט פוּן שָׁבוּעוֹת בַּייא ברוּךְ אִין גַאבִּינֶעט .

אִין דֶעם צְוֵייטִין אָוֶוענְד , דָאס הֵייסְט שַׁבָּת צוּ נַאכְט אִין דִיא עֶרְסְטֶע נַאכְט פוּן שָׁבוּעוֹת וָואס דֶער סֵדֶר אִיז בַּייא אוּנְז אִידִין אוֹיף צוּ זַיין אִין אִיר , דִיא מֶענֶער לֶערְנֶען , אוּנ דִיא פְרוֹיעֶן בְּרֵייטִין צוּ מִילְכֶעקֶע שְׁפַּייזִין אוֹיף מָארְגִין . אָרוּם זֵייגֶער צְוֶועלְף הָאט גִילָאזְט דֶער מַייסְטֶער בָּרוּךְ אַרַיין רוּפִין צוּ זִיךְ אִין זַיין גַאבִּינֶעט זַיינֶע פְרוֹיא אוּנ דִיא צְוֵייא מֵיידְכֶען , דִיא מלכה אוּנ דִיא הדסה , זֵייא זַיינֶען אַרַיין צוּ אִים מִיט דֶער גְרֶעסְטִין נַייגִירְדֶע צוּא הֶערִין וָואס עֶר בְּרוֹיכְט זֵייא . זֵייא הָאבִּין אִים דֶער וִויסְט לִיגֶענְדִיג אוֹיף אֵיינֶער זָאפֶע טְרִינְקֶענְדִיג אַפְלַאשׁ וַויין אוּנ וַואר זֵייעֶר פְרֵיילִיךְ , אוּנ הָאבִּין זִיךְ גִיזֶעצְט אַרוּם אִים . אוּנ הָאבִּין אִים גִיפְרֶעגְט וָואס עֶר בְּרוֹיכְט זֵייא .

„אִיךְ וִויל מִיט אֵייךְ רֵיידִין“ הָאט עֶר זִיךְ אָפּ גִירוּפִין , אוּנ אִיבֶּער הוֹיפְּט מִיט דִ״ר מלכה אַזוֹ אַיין עִנְיָן וָואס אִיךְ הָאבּ שׁוֹין דָאס פוּן לַאנְג אָן גִידַארְפְט רֵיידִין , אִיךְ הָאבּ עֶס אָבֶּער אַלְץ אָפּ גִילֵייגְט וַוייל עֶס הָאט דָאס נָאךְ צַייט גִיהַאט , נוּר אִיצוּנְד הָאט עֶס קוּרְצִין טְרָאק , צְוֵוייטִינְס פַּאסְט עֶס זֵייעֶר צוּ דֶעם נֶעכְטִינִין גִישְׁפְּרֶעךְ פוּן דֶעם ר׳ נתן נארגעל , אִיר גִידֵיינְקְט וִויא

מיט אונז יודין אין שפאניען דארט באהאנדעלט מען אונז נאך וויא מענטשין דארט ווייסין מיר נאך ניט פון קיין גלות, דאס מיט רעכט קאנען מיר איר רופין צווייטע ארץ ישראל, עס פעלט אונז דארט מער ניט וויא איין בית המקדש, אזו איז עס אין דעם טהייל שפאניען וואס גיהערט צו דיא קריסטין, אונ אזו אין דעם טהייל שפאניען וואס גיהערט צו דיא אראבער, אונ דאס זעלבע חירות וועט זיין באלד אויך אין פארטוגאל, דען עס זיינען שוין דארט איינינע יודין גרויסע ציגאווניקעס.

«ווען אזו מיין ליבער ר׳ נתן» האט זיך דער ברוך צו אים אפ גירופין, דאס איר זייט ווירקליך פון שפאניען דא מוז איך נאך פרעגין בייא אייך איבער מאנכע גרויסע אידעשע פאמיליען. זאגט מיר ציא ווייסט איר פון דער פאמיליע «אבו בעסט» «אשיינע פראגע» האט זיך דער רבי נתן אפ גירופין, וועער קען ניט אזו אמשפחה וואס איז אונטער אידין דיא גרעסטע, דער דאן יאזעף בן אבו בעסט איז אין קאסטיליען אלעס אונ אלעס, ער איז דער ערסטער יועץ בייא דעם קיניג, אונ אזו קען איך אויך דעם דאן «שמואל בן דאיעס» דעם דאן מאזעס בן אבדועל, ער איז אויך אגרויסער איין גייער בייא דעם קיניג. דאך דער דאן אבו בעסט איז פיל גרעסער, ער שרייבט זיך אונטער גיהיימראט פון דעם קיניג אלפאנזע וואס איז אין קאסטיליען.

«אזו בייא דעם קיניג אלפאנזע» האט זיך אפ גירופין דיא שפרה, דאס הייסט אונזער איידעם «וויא אזו» האט זיך דער נתן אפ גירופין זייער פאר וואונדערט «גלויבט עס ניט הער נתן» האט זיך דער מייסטער ברוך אפ גירופין מיט גרויס גילעכטער, אלפאנזע איז ניט אונזער איידים, מיר האבין נור איינע טאכטער, אונ דיא איז עס דיזע הדסה, איינע מיידכען נאך, מיינע פרויא אבער מיינט דאס ער איז איין איידים פון אונזער קיניג היינריך, אונ זיא רעכינט אזו דיא קיניגליכע פאמיליע פאר איינע אונזערע, נון ווען ער האלט דיא טאכטער פון אונזער קיניג פאר אווייב דיא פרינצעסין ליעאנארא, הייסט עס שוין בייא איר אונזער איידים «א מיינט איר אין נוטע אידעשקייט האבין אזו אגוטין מענטשין פאר איין איידים» האט זיך דער ר׳ נתן אפ גירופין, דען ער איז ווירקליך איין זיילין נוטער מענטש.

«נון ליבער ר׳ נתן האט זיך דער ברוך ווידער צוא אים אפ גירופין, איר האט מיר דער מאנט דעם דאן מאזעס בן אבדועל, נון וויל איך אייך פרעגין צוא קענט איר אים טאקע פערזענליך «א איך קען אים זייער נוט» האט אים דער ר׳ נתן גיענטפערט, ער איז זייער אגוטער מענטש, ער האט

איר זוז זאל זיך דער ווייליע אפ האלטין, דען וויא איך וייס וועט זיא זיך קומען באלד בעטין ביא אים, וויל איר נייער לובאוויניק וואס האט איר פאר פירט פון אים האט זיא שוין אוועק געווארפין, אונ זיא וייס שוין אויף קלאר דאס ער וועט איר ניט נעמען, דען ער איז גאר איינער פון דיא גרעסטע דער גרעסטין.

אונ ווארום זאלסטו איצונד אום שבת ריידין פון אזעלכע זאכין וואס זיינען פול דומהייט, האט זיך דיא וייב אפ גערופין האלב פערדריסליך, איך גלויבע דאס דיזע נייעם האסטו געווים גיהערט אין שול פאר קבלת שבת, אוי וויהע איבער אייך מאנעם לייט, עס איז פאר אייך קיין זאך צו פקאסט אונ קיינע נייאינגקייט צו קליין, מיר ווייבער וואלטין עס ריידין וואלט איר דאך שוין געזאגט "ווייבער האבין ניין מאס רייד" "דוא האסט רעכט מיינע פרויא" האט ער איר גיענטפערט, אונ האט זיך באלד אומגיווענדעט צו דיא אורחים אונ האט זיך אריין געלאזין מיט זייא אין אטיפען גישפרעך איבער דעם אידעשין שטאנד פון זייערע לענדער, נון פאר שטייט זיך דאס יעדער פון זייא האט געהאט גענוג צו דער ציילין פון זיינע דארטיגע ברידער וואס זיינען פיל אויס געשטאנען אין דיא צייטען פון דיא קרייצציגען.

איין געוויסער ידידיה. איין רייכער קויפמאן פון איטאליען האט זיך אן דער ציילט פון זיך אליין זייער פיל, אונ האט דער ביא גיצייגט וויא זיינע ביידע הענט זיינען וויא אויס גידרייט, אונ פיל לייגגער אלס ביא אנדערע מענטשין, וויל כ״ץ האט אים פאר זייא אויף גיהאנגען דאמיט ער זאל אויס זאגין וואו זיין געלט איז, אונ איז נצול גיווארין נור דורך אווינדער. אצווייטער אורח אגעוויסער רבי אברהם פיקניק אויס פאריז האט דער ציילט דיא צרות וואס זיינען דארט אויס גישטאנען פון דעם פיליפ אויגוסט קיניג פון פראנקרייך. וויא מען האט דארט דיא יודין בעלאגערט דארט אין גרויסע שול אום שבת פרשה וארא. אונ איין גרויסער הער אן גיטאן אין איינע גאלדענע קייט האט פאר גילעזין דעם קיניגס באפעל, דאס אין אמשך פון צוויא מאנאטען זאלין אלע יודין אויס וואנדערין פון פראנקרייך. אונ דער ווייליע האט מען אין שטאט אויס גיראבירט אלע אידעשע הייזער, אונ אזו האבין דיא איבעריגע אורחים זיך אן דער ציילט שרעקליכע גישיכטען וואס עס האט זיך גיטראפין דאן אין זייערע לענדער. לבד איינער אגיוויסער ר׳ נתן נארגעל אויס שפאניען האט שוין וואס פריייליכערס אונ בעסערס דער ציילט.

ניט אזו אבער גאט זייא דאנק האט ער זיך אפ גירופין גייט עס צוא

וַואר דַייטְלִיךְ גֶעוֶועזֶען צוּ זֶעהֶען דַאן אָן אוּנְזֶער מַייסְטֶער ברוך , דֶען דֶער זֶעלְבִּיגֶער ברוך וָואס מִיר הָאבֶּען אִים גִיזֶעהֶען דָארְט אִין דֶעם זַאל פוּן דֶעם לארד זאליסבוריא שְׁטֵייעֶנְדִיג אִין וִוינְקֶעל אַיין גֶעבּוֹיגְן , דֶעם קָאפּ אַרוּנְטֶער גֶעלָאזִין . דֶעם הוּט אוּנְטֶער דֶעם אָרֶעם וִויא אַיין שְׁקְלַאוֶוע , אוּנ הָאט דֶער צוּ גִירֶעט מִיט גְרוֹיס דֶעמוּטְה , דִיזֶער גֶעבֵּייגְטֶער ברוך אִיז אִיצוּנְד אִין זַיינֶעם הויז אַרַיין גֶעטְרָאטִין מִיט מוּטְה אוּנ שְׁטָאלְץ וִויא אַיין גְרוֹיסֶער הֶער . גִיקְלֵיידֶעט וִויא אַיין פִּירְשְׁט, אִין זַיינֶע מִינֶען אִיז גִילֶעגְן פְרֵיידֶע אוּנ פְרִידִין אוּנ זַיין גַאנְצֶעם גִיזִיכְט וַואר פַאר גֶעטֶערְט , דָאס עֶר הָאט אוֹיס גִיזֶעהֶען וִויא אֵיינֶער פוּן אוּנְזֶערֶע הֵיילִיגֶע אָבוֹת , נָאךְ אִים זַיינֶען אַרַיין נַיין אוֹרְחִים פוּן פֶערְשִׁידֶענֶע לֶענְדֶער , אַלֶע גְרוֹיסֶע לַייט , נוּן וַואר בַּאלְד אָפּ גֶעזוּנְגֶען מִיט גְרוֹיס התלהבות דֶער שלום עליכם נָאךְ דֶעם וַואר גֶעמַאכְט דֶער קידוש מִיט גְרוֹיס פֵייעֶרְלִיכְקַייט , אוּנ בַּאלְד נָאךְ דֶעם הָאט מֶען זִיךְ גִיזֶעצְט צוּם טִישׁ אוּנ עֶס אִיז גֶעוָוארִין דֶער לַאנְגְט דִיא בֶּעסְטֶע אוּנ דִיא שֶׁענְסְטֶע שְׁפַּייזִין , אוּנ דֶער קֶעסְטְלִיכֶע וַויין .

אוּנ עֶס וַואר אַלְס דֶער ברוך אִיז גֶעוָוארִין רֶעכְט פְרֵיילִיךְ פוּן טְרִינְקֶען הָאט עֶר זִיךְ אָפּ גֶערוּפִין צוּ דִיא הדסה , זָאג מַיין טָאכְטֶער וָוארוּם הָאסְטוּ זִיךְ הַיינְט נִיט גִיבֶּענְצְט בַּייא מִיר , אוּנ וָוארוּם זֶעהְסְטוּ אוֹיס אַזוֹ פֶערְצָאגְט , דָאס מֵיידְכֶען אִיז גֶעבְּלִיבֶּען זִיצֶען שְׁטִיל אוּנ שְׁטוּם אוּנ הַאלְבּ פֶערְשֶׁעמְט , דֶען עֶס וַוארִין פְרֶעמְדֶע מֶענְטְשִׁין בַּייא דֶעם טִישׁ . אוּנ אָנְשְׁטָאט אִיר הָאט זִיךְ אָפּ גֶערוּפִין דִיא מלכה . זִיא הָאט דָא גֶעהַאט אִיצוּנְד בֶּעפָאר אִיר זַייט גֶעקוּמֶען פוּן שׁוּל אַיין אוֹיפְטְרִיט מִיט אַייעֶר דִינֶערִין עֶפּפִיע , זִיא אִיז אִיר וֵייעֶר גְרָאבּ אָנְגֶעקוּמֶען . פוּיא אִיךְ וָואלְט אַזֶעלְכֶע אוֹיף דֶעם שְׁוֶועל נִיט אַרוֹיף גֶעלָאזִין . דִיא אנא מערידיט אִיז עֶפֶּעס מֶעהְר לַייט פַאר אִיר , זִיא אִיז דָאךְ פוּן אַדֶעל . אוּנ טוּט אוּם שבת בַּייא אוּנְז פִיל מֶעהְר אַלְס דִיא עֶפּפִיע , אוּנ דָאךְ בֶּעהִיטֶע גָאט הָאבִּין מִיר פוּן אִיר נָאךְ קַיין אוּם תרבות וָוארְט גִיהֶערְט צַייט זִיא אִיז בַּייא אוּנְז , «אַיי וָואס גְלַייכְט מֶען» הָאט זִיךְ דֶער ברוך אָפּ גֶערוּפִין , אֵיינֶע דַאמֶע צוּ אֵיינֶע פַאר שִׁיכֶערְטֶע בֶּעטְלֶערִין , אוּנ נוּן וַוייל דִיא רֵייד פוּן דֶער אנא אִיז , מוּז אִיךְ אַייךְ דֶער צֵיילִין וָואס אִיךְ הָאבּ אִיצוּנְד גִיהֶערְט וֶועגְן אִיר זוּן אָוֶוען מערידיט , דָאס עֶר זָאגְט זִיךְ אָפּ פוּן זַיינֶער פָארְכְט מַייסְטֶער שְׁטֶעלֶע אוּנ טְרֶעט אַרַיין אִין וָואַיעֶנֶע דִינְסְט אִין דֶעם פוּלְק פוּן דֶעם שאטעאוינרין , עֶר טוּט עֶס נוּר אוֹיס פֶערְדְרוּס וָואס זַיינֶע כלה דִיא שֵׁיינֶע קיטטי אִיז אִים גֶעוָוארִין אוּנְטְרַייא , נוּן מלכה וֶוען דוּא וֶועסְט זִיךְ זֶעהֶען מִיט זַיינֶע מוּטֶער אנא זָאלְסְטוּ אִיר זָאגִין דָאס

גִיפְֿרֶענְט צוּ דֶער הדסה. בַּייא אוּנְז וָואלְט מֶען אַזוֹ אַבְּעטְלֶערְקֶע אִין שְׁטוּבּ נִיט אַרַיין גֶעלָאזִין . זָאל גֶעזוּנְד זַיין דִיא מוּטֶער הָאט הדסה גִיעֶנְטְפֶֿערְט , זִיא הָאט אִיר דֶער וִויסְט אַמָאל לִיגֶענְדִיג· אִין אַקַאלְטֶע וִוינְטֶער נַאכְט אוּנְטֶער אוּנְזֶערֶע טְרֶעפּ אַיין פַּאר הוּנְגֶערְטֶע אַיין פַאר שְׁמַאכְטֶע הָאט זִיא אִיר אַרַיין גֶענוּמֶען אִין שְׁטוּבּ אוּנ הָאט אִיר גֶעהֵייסִין גֶעבִּין עֶסִין , אוּנ פוּן יֶענֶער צַייט אָן הָאט זִיא זִיךְ אַיין גֶעוואוֹנְט בַּייא אוּנְז אִין שְׁטוּבּ דָאס עֶס וַואר אִיר אוּנְמֶעגְלִיךְ צוּ פַאר טְרַייבִּין, אוּנ מִיט דֶער צַייט הָאט זִיא אָנְגִיהֵייבִּין צוּ טָאן עֶפֶּעס אַרְבֶּעט אִין שְׁטוּבּ , אוּנ וֶוערְט דֶער פַאר פוּן דֶער מוּטֶער זֵייעֶר גוּט בֶּעלוֹינְט , זִיא הָאט דָא צוּ עֶסִין צוּ טְרִינְקֶען וואוּ צוּ שְׁלָאפִין . אוּנ זֶעהֶט זִיךְ זֵייעֶר אָפְּט מִיט דֶער מַטְבֵּעַ אוּנ דָאךְ אִיז זִיא אוּנְז אַיין בְּלוּט פַיינְד . שִׁילְט אוּנ זִידֶעלְט , דִיא מוּטֶער וָואלְט אִיר שׁוֹין לַאנְג אַרוֹיס גִיטְרִיבִּין, הָאט זִיא גְרוֹיס מִיטְלַייד אוֹיף אִיר , דֶען זִיא אִיז אַדוּסְלִיוֶוע אוּנ אֵיינֶע עֶלֶענְדֶע דָאס זִיא הָאט זִיךְ מַמֶשׁ נִיט וואוּ אַהִין צוּ טָאן , אִיר מַאן וַואר אַיין עֶבְּטֶער גַנָב אוּנ מֶען הָאט אִים שׁוֹין מֶעהְר אַלְס צֶעהֶען יָאר אוֹיף גִיהַאנְגֶען , אוּנ אִיז דָאךְ אַזוֹ אוּנְפֶערְשֶׁעמְט צוּ שִׁילְטֶען אוּנְז מִיר אִין דִיא אוֹיגִין , אֱמֶת פַאר מַיינֶע עֶלְטֶערִין הָאט זִיא גְרוֹיס בּוּשָׁה אוּנ מַאכְט זִיךְ גֶעפֶעלִיג , אוּנ אִיךְ וִוידֶער דֶער צֵייל זַייא נִיט פוּן אִירֶע חֶפְצוֹת , נוּן לַיידֶע אִיךְ פוּן אִיר , אוּנ וֶועל אַזוֹ לַיידִין בִּיז אַצַייט , דָאס אִיז שׁוֹין צוּ פִיל גוּט הָאט זִיךְ דִיא מלכה אָפּ גֶערוּפִין , עֶס קְרֵיינְקְט מִיךְ דָאס צוּ הֶערִין , דֶער פוּן זֶעה אִיךְ שׁוֹין וָואס פַאר אַצָרָה אִיר הָאט דָא אִין איינגלאנד , דִיזֶעס גִישְׁפְּרֶעךְ וָואלְט אוֹיךְ פַאר גֶעוִוים גֶעדוֹיעֶרְט דֶער וַוייסְט בִּיז וִויא לַאנְג וֶוען דִיא עֶלְטֶערִין וָואלְטִין נִיט אָנְגֶעקוּמֶען פוּן שׁוּל מִיט דִיא אוֹרְחִים . אוּנ דִיא בֵּיידֶע מֵיידְכֶען זַיינֶען זֵייא גֶעגַאנְגֶען אַנְטְקֶעגִין צוּ גֶערִיסֶען זֵייא מִיט אַיין גוּט שבת ׃

5,

## „אַיין גִישְׁפְּרֶעךְ בַּייא דֶעם טִישׁ פוּן דֶעם מַייסְטֶער ברוך"

מִיר גֶעפִינֶען אִין דֶער תורה דָאס דֶער פסוק גְלַייכְט אוּנְז אַמָאל צוּ דִיא שְׁטֶערִין פוּן הִימֶעל אוּנ אַמָאל צוּ דֶעם שְׁטוֹיבּ פוּן דֶער עֶרְד , זָאגִין דַארִיבֶּער אוּנְזֶערֶע חכמים דָאס אִיז אַיין רמז דָאס וֶוען דִיא יוּדִין הֵייבִּין זִיךְ , הֵייבִּין זֵייא זִיךְ בִּיז אִין הִימֶעל אַרַיין וִויא דִיא שְׁטֶערִין , אוּנ וֶוען זֵייא זַיינֶען גֶעפַאלִין , זַיינֶען זֵייא גֶעפַאלִין בִּיז דֶעם שְׁטוֹיבּ פוּן דֶער עֶרְד , אוּנ דִיזֶעם

דאס איז אויך איינע דומהייט פון דיר האט איר דיא הדסה גיענטפערט, דוא קענסט דיזעם ריטער דאנקבאר זיין מיט געלט, דאס הייסט מיט איינער הלואה. איך וויים דאס דיזער מערדוינט וויא רייך ער איז, איז ער יעצט אין אגרויסע געלט קלעמע, דען ער דינט אין דעם ארמייא פון דעם ריכארד אין איין פולק מיט דעם שאטעאוינרין. אונ ביידע חלאפאטען זיך ארום איין הלואה ביא מיינעם פאטער שוין מעהר אלס איין האלב יאר, אונ מיין פאטער שטעקט ניט.

א מיינע ליבע הדסה האט זיך דיא מלכה אפ גערופין דוא ביזט נאך גאנץ פרעמד אונ אומבאקאנט מיט דער גלות פון דער ליבע, דאהער שפריכסט דוא מיט מיר דער פון זייער קאלט בלייטיג וויא פון איינער סחורה, א דיא ליבע איז איין געטליכעס פייער, זיא לאזט זיך ניט לעשין מיט אלע וואסערין, אונ זאג דיר אפען דאס איך גאר אן אלע זאכין בין שטערבליך פאר ליבט אין דיזעם ריטער.

הערע מיך מלכה האט זיך הדסה אפ גירופין עס איז וואר דאס איך בין נאך פאר שוינט פון דער פייל פון ליבע, דאך האסט דוא נאך צייט דיך צו רעטין פון דיזער פאר פלוכטע ליבע וואס וועט מאכין אומגליקליך דיר אונ דיינע עלטערין, הער אויף דיינע צוזאמען קומען מיט דיזעם ריטער, אונ דאן וועט זיך דער פלאם פון דיינער פארוועהרטע ליבע זיך זעלבסט אויס לעשין וויא דער פלאם פון איינער לאמפע וואס מען גיסט ניט צו קיין אייל, וויא אונזערע חכמים זאגין דער מענטש פערזינדיגט זיך נור אן אזעלכע זאכין וואס זיינע אויגין זעהען.

דיזעם גישפרעך וואלט געדויערט דער וייסט וויא לאנג נאר ווען עס וואלט זייא ניט געשטערט איינע קריסטליכע דינערין וואס מען האט איר אריין גערופין אפ צו שנייצין דיא בענטש ליכט אונ צו פאר ריכטין מאנגע לאמפע, דיזע קריסטען וואס מען האט איר גערופין עפפיע איז אריין אין שטוב מיט אגרויס לארעם. נוא איז שוין ווידער דא דער פערפלוכטער פרייטאג צו נאכט, זייא לאזין מיך ניט וייטער רוען, דער טייוועל האט מיך אריין גערדרייט אונטער דיזען יודען פאק האט זיא געשריען, אונ האט דער ביא דרייא מאל אויס געשפוינין אין דעם ריינעם זאל, אונ האט פון גרויס צארין אום געווארפין אליכט אונ האט פאר פלעקט דעם טייערין טישטוך, אונ איז דער נאך ארויס מיט גרויס צארין אונ מיט אגרייליכען זעץ מיט דער טיר דאס עס האבין געקלונגען דיא פענצטער פון דעם זאל, אונ ווארום האלט איר נאר אזעלכע ביא זיך אין הויז האט זיך דיא מלכה

דיינקען דאך אויך ניט גלייך פון גאט , אונ זיינען אין זייערע דעות פון רעליגיאן זאכין אזו פערשידען וויא מיר יודען פון קריסטען , אונ דאך זיינען זייא זיך מתחתן אלע טאג .

א דוא ביזט גאנץ אומגירעכט אזו אין דיינעם דיינקען איבער דיא רעליגיאן אונ אזו אין דעם ענין פון דיינער ליבע צו איינעם קריסטען , עס איז צוואר ריכטיג דאס איין בראווער קריסט איז אזו אמענטש וויא איין בראווער יודע , דאך אבער פאר בייטין דיא ביידע רעליגיאנען (דיא אידעשע אונ דיא קריסטליכע) זייערע ביידערלייא מאמינים זיך צו פערליבען איינע אין דיא אנדערע , אונ צו בייטין צוליב דעם אליין זייערע אמונות , נון זייט איר ביידע גרויסע זינדער , אונ ווייטער וואס דוא פרעגסט מיר וועגין דיא דייטשע אונ שפאנישע יודען ביזט דוא אין דעם גאנץ געאירט . זייא שיינען אנדערש גלויביג נור בייא דעם המון עם וואס קוקין נור אויף דיא אויס וויינגע זאכין למשל וויא אויף דיא קליידונג . שפראכע , אויף דעם צושניט פון דיא האר , אויף דיא בעשעפטיגונג , אזו מיינט למשל דער דייטשער יודע דאס איוד דארף זיך נור בעשעפטיגען מיט דעם קליינעם סאחאר מיט פראצענט , אונ מוז זיין אנבנע טראגין אויף זיך דעם עול גלות אונ זיינען אימער איין געפינצטערט אונ פאר צאגט , אונ דער שפאנישער יודע וואס איז גראדע פאר קערט דער פון , דען זייא זיינען עובדי אדמה , דאקטורים , פראפעסארען , ציגאווניקעס , סאלדאטען , אפעצירען , אונ לעבין אין שפאניען וויא פרייא בירגער אן גלות איז שוין דאהער גאר קיין יודע , ניט אזו אבער ווייזין זייא אויס בייא דיא דייטשע רבנים וואס ווייסין פיל בעסער אלס דער המון עם אין וואס עס באשטייט דיא וואהרע אידעשקייט , זייא האלטין זייא נאך פיל חשובער אלס זייערע יודען , אונ לערנען זייער פלייסיג דיא ספרים וואס דיא שפאנישע רבנים מאכין , ווייל זייא גלייכין זיך אויס מיט זייא אין זייערע דעות פון דיא עקרי אמונה , ניט אזו אבער דיא קריסטליכע אמונה מיט דער אידעשע , אונזערע רעליגיאן פאר באט אונז זייערע שפייזין , פאר באט אונז צו טאן אמלאכה אום שבת . אונ בייא זייא איז עס ערלויבט . אונ אזו זיינען דא נאך טויזנדע אונטערשיידין צווישין אונז אונ זייא .

דאך אבער פאר געס ניט האט זיך דיא מלכה אפ גערופין דיזער ריטער מערדווינט וואר דאך מיין רעטער אונ ער ליבט מיך , נון איז דאך דיא שולדינקייט מיינע דאס איך זאל אים צוריק ליבען , מען קען דאך ניט זיין אזו אונדאנקבאר בייא אזו אגילעגענהייט .

נור הַיינְט הָאבּ אִיךְ מִיךְ גְרַאדֶע פַאר פְּלוידֶערְט אונ הָאבּ מִיךְ אַזוֹ גָאר גִיט אַרום גִיזֶעהֶען דָאס עֶס אִיז שׁוֹין אַזוֹ שְׁפֶּעט.

„נון זַאיי וִויסֶען מלכה" הָאט זִיךְ דִיא הדסה אָפּ גֶערופִין דָאס דִיא מוטֶער אִיז הֶעכְסְט אויף גִיבְּרַאכְט אויף דִיר דֶער פַאר, דֶען עֶס גְלוֹיבְּט זִיךְ אִיר גָאר נִיט דָאס דוא זָאלְסְט אַזוֹ שְׁפֶּעט זַיין בַּייא דֶעם כתריאל, נון וַואר אִיךְ דֶער נָאךְ בַּייא דֶער אנא מערידיט „הָאט אִיר מלכה גִיעֶנְטְפֶערְט" אונ דָאס וִויל דִיא מוטֶער דורְךְ אוֹיס נִיט לַיידִין „הָאט אִיר דִיא הדסה גִיעֶנְטְפֶערְט" אונ דָאס וֵייס אִיךְ אויךְ נִיט צוּ זָאגְסְטוּ מִיר דִיא וַוארְהַייט, מלכה! מלכה! בֶּעהִיט גָאט וֶוען מַיינֶע עֶלְטֶערִין וֶועלִין זִיךְ נָאךְ דֶער וִויסֶען דִיא גֶעשִׁיכְטֶע פון דֶער פְּרַאצֶעסֶע וָואס וַואר מִיט דִיר, אונ דָאס וֶועלִין זַייא טַאקֶע נִיט וִויסִין וֶוען דוא וֶועסְט נור נִיט דֶער צֵיילִין „הָאט זִיךְ דִיא מלכה אָפּ גֶערופִין" אונ דָאס וֶועל אִיךְ גֶעווִיס נִיט טָאן „הָאט אִיר הדסה גִיעֶנְטְפֶערְט" והא ראיה אִיךְ וֵייס דָאס שׁוֹין מֶעהְר אַלְס אַהַאלְבּ יָאר אונ הָאבּ עֶס דָאךְ נִיט אוֹיס גֶעפְּלוידֶערְט, דֶען אִיךְ בִּין פון נַאטור אַגְרוֹיסֶע בעל סוד, אונ אַזוֹ קֶענְסְטוּ אויךְ מִיר אֵיינֶע צְווֵייטֶע גֶעהֵיימְנִים אָן טְרוֹיעֶן, פִילַייכְט קֶען אִיךְ דִיר מִיט נוּטְצֶען רַאט דִינֶען, דֶען אִיךְ זֶעה שׁוֹין אַיין דָאס דוא בִּיסְט שׁוֹין פון אַלַאנְגֶע צַייט עֶפֶּעס וִויא אַצוּטְרָאגֶענֶע, אונ דִיא מוטֶער מַיינֶע הָאט עֶס אויךְ אָנְגֶעשְׁפִּירְט אָן דִיר.

וֶוען דוא אֵיינְמָאל עֶס יוֹא אָנְגִימֶערְקְט הָאסְט „הָאט זִיךְ דִיא מלכה אָפּ גֶערופִין נָאךְ אֵיינֶעם לַאנְגֶען ישוב הדעת" מוז אִיךְ דִיר שׁוֹין אִיצוּנְד מַיין גַאנְצֶעס הֶערְץ אוֹיס גִיסֶען. עֶס אִיז צְווַאר אַזוֹ אַיין גֶעהֵיימְנִים וָואס אִיךְ צִיטֶער עֶס אוֹיס צוּ שְׁפְּרֶעכִין אונ מוז עֶס טָאן, אִיךְ וִויל מִיךְ לַייכְטֶער מַאכִין זָאגְסְט וֶועט עֶס מִיךְ בִּיז צוּ דֶער עֶרְד דְרִיקֶען, אִיךְ בֶּעשְׁוֶוערֶע דִיךְ אָבֶּער דָאס אַיין אֵייבִּיגֶער שְׁווַייגִין זָאל דַיין מוּנְד אויף אִימֶער צוּ שְׁלִיסֶען. זַאיי וִויסֶען מַיינֶע טַייעֶרֶע הדסה דָאס אִיךְ בִּין שְׁטֶערְבְּלִיךְ פֶערְלִיבְּט אִין יֶענֶעם יונְגֶען קַאוַואלֶער וָואס הָאט מַיין לֶעבִּין גִירֶעטֶעט דָארְטִין בַּייא דֶער פְּרַאצֶעסֶע, דֶען עֶר אִיז גוּט וִויא אַיין אֵיינְגֶעל, שֵׁיין וִויא אַיין יאזעף אוֹיס עֶגִיפְּטֶען, רַייךְ וִויא אַיין קֶינִיג, אִיךְ לִיבּ אִים מֶעהְר אַלְס מַיין לֶעבִּין אונ אַזוֹ עֶר מִיךְ, עֶר אִיז צְווַאר אַיין קְרִיסְט. נוּא אִיז אַיין קְרִיסְט דֶען קַיין מֶענְטְשׁ? זָאלִין אַזֶעלְכֶע גְרוֹיסֶע מַעֲלוֹת נִיט גִילְטִיג זַיין אִין אַזוֹ אַמֶענְטְשִׁין וָואס גְלוֹיבְּט אִין גָאט עֶטְוָואס אַנְדֶערְס אַלְס אִיךְ? וֶוען אַזוֹ גִיהֶערְט דָאךְ אויךְ קַיין דַייצֶעשֶׁער יוּדֶע וָואס אִיז נָאךְ אַלְט מָאדֶעשׁ נִיט טָארֶען טָאן אַשִׁידוּךְ מִיט אשפאנישען יוּדֶען וָואס אִיז נַייעֶ מָאדֶעשׁ. דֶען זַייא בַּיידֶע

אונ וואו איז דיא מלכה „האט איהר דיא מוטער ווייטער גיפרעגט אין עטליכע מינוט ארום", מלכה איז ניט דא צו הויז „האט זיא איר גיענטפערט" וואס רעטסט דוא, האט זיך דיא מוטער אפּ גירופין מיט גרויס וואונדער, שטייט אזוי שפּעט וואו קען זיא עס איצונד זיין, אונ ווען וועט זיא זיך ארום וואשין, זיא האט זיך נאך באלד נאך מיטאג ארום געוואשין האט איר דיא טאכטער גיענטפערט, נון הייסט עס אבער נאך ניט לכבוד שבת האט זיך דיא מוטער אפּ גערופין זייא וויסין מיין קינד דאס דיא מלכה גיפעלט מיר גאר ניט. אונזער שותף דער יאסען האט איר אהער געשיקט נור צו אונזער לייד, דען וויא איך האב באמערקט היטעט זיא ניט דיא שטוב צייט איינינגע וואכין, אונ בשעת זיא איז אין שטוב זיצט זיא עפּעס אלין וויא איינע פארטראגענע אונ איינע פארקימערטע, גיין דוא וועסט מיר ניט איין רידין, עס איז מיט איר קיין פּשוט, היינט וויל זיא ניט ליידין דאס מען זאל איר נאר איין ווארט ריידין, זיא איז בייא זיך זייער געהויבען זייער פאר צויגען.

קימער דיך ניט מוטער וועגין איר, האט זיך דיא טאכטער אפּ גירופין זיא וועט באלד צוריק קומען, זיא איז נור געגאנגען צו דעם כתריאלס טאכטער, גיין מיין קינד שמועס מיר ניט איין האט זיך דיא מוטער אפּ גערופין זייא זיינען דאך דארטין אויך אידען, נון איז שוין בייא זייא שבת וויא בייא אונז, אונ ערב שבת פאר נאכט איז ניט דיא צייט פון איין בעזוך בייא אונז אידען, דאהער גלויבע איך דאס זיא מוז זיין דארטין בייא דער אנא מערעדיט וואס איז בייא איר זון אווען צייט עטליכע וואכין, אונ דאס פּאסט גאר ניט פאר איין אידעשעס מיידכען, דען ניט פאר געם עס פאר קערין אהין אלע יונגע אפעצירלעך, נור גינוג מיר וועלין שוין ניט לאנג ליידין פון איר דען אומניזאמט וועט שוין קומען איר חתן אונ זיא וועט שוין חתונה האבען.

נאך דיזעם גישפּרעך האט דיא מוטער גיבענצט ליכט, האט גינומען דעם סדור אונ איז אוועק דאווענען, אונ דיא טאכטער וואס מען האט איר גערופין הדסה איז געבליבען אליין אין זאל זיצען זייער פאר טראכט, ביז עס האט זיך גיעפינט דיא טיר אונ דיא מלכה איז ארין זייער האסטיג אונ האט גיפרעגט מיט גרויס אומרוהע צו זיינען שוין דיא עלטערין געקומען צוריק פון דאווענען. אונ וואו ווארסט דוא אזו שפּעט האט איר גיפרעגט דיא הדסה, דוא ווייסט דאך וואו איך וואר האט איר דיא מלכה גיענטפערט,

גֶעשִׂיר וָואס וַואר גֶעבְּלוּמְט אוּנ גִיגִילְט . אוּנ אוֹיס גִיצוֹיגֶען זַיידֶענֶע שְׁנִיר אוֹיף וֶועלְכֶע עֶס זַיינֶען גִיהַאנְגֶען בּוּרְלַאנְטֶענֶע רִינְגֶען , גָאלְדֶענֶע קֵייטִין בְּרָאנְזֶעלֶעטִין , שְׁנִיר פֶּערִיל , אוּנ שְׁנִיר קְרֶעלֶען ,

קוּרְץ דֶער פוּן דֶער גַאנְצֶער זַאל הָאט אוֹיס גִיזֶעהֶען עֶפֶּעס וִויא אַיין צוֹייבֶּער וֶועלְט וָואס וַואר אִין אִים פַאר מִישְׁט דִיא דָאפֶּעלְטֶע בֶּעלַייכְטוּנְג פוּן טָאג אוּנ פוּן נַאכְט. דֶען דוּרְךְ דִיא פֶענְסְטֶער הָאבִּין נָאךְ אַרַיין גִישַׁיינְט דִיא לֶעצְטֶע שְׁטְרַאהְלֶען פוּן דֶער זוּן . אוּנ אִין אִינֶעוֵוינִיג הָאבִּין גִיבְּרֶענְט אַכְטְצִיג פְּלַאמֶען , אוּנ זִיא אַלֵיין דִיא וִוירְטִין וַואר זַייעֶר רַייךְ גִיקְלֵיידֶעט דָאס זִיא הָאט אוֹיס גִיזֶעהֶען וִויא דִיא קֶינִיגִין שַׁבָּת אַלֵיין (שַׁבָּת מַלְכְּתָא), אוּנ הָאט נוּר גִיוַוארְט אוּם צוּא בֶּענְטְשִׁין לִיכְט, דֶען עֶס וַואר שׁוֹין אַלְץ פַארְטִיג , אִין דֶעם הָאט זִיךְ אוֹיף גִיעֶפִינְט דִיא טִיר אוּנ עֶס אִיז אַרַיין אִין זַאל אַיין שַׁיין יוּנְגֶע מֵיידְכֶען פוּן אַיאָר זִיבֶּעצִין , פְּרִישׁ אוּנ בְּלִיעֶנְד וִויא אַיינֶע יוּנְגֶע רָאזֶע , גִיקְלֵיידֶעט פְּרֶעס וַויים , אִיהְרֶע הָאר וָואס וַוארֶען שְׁוַוארְץ וִויא פֶּעךְ זַיינֶען אַרָאפּ גִיהַאנְגֶען אִין שְׁוַוארְצֶע לָאקֶען (גְרַייזְלֶעךְ) אוֹיף אִיר שְׁנֵייוַוייסֶעס קְלֵייד דָאס עֶס הָאט אוֹיס גִיזֶעהֶען וִויא אַיין אַיינְבְּרוּךְ פוּן דֶער פִינְסְטֶערֶע נַאכְט אִין דֶעם הֶעלֶען לִיכְטִיגֶען טָאג . אוּנ הָאט גִיטְרָאגִין אִין אִיהְרֶע שֵׁיינֶע קְלָארֶע הֶענְד צְוֵויא גְרוֹיסֶע שְׁטְרִיצְלֶעךְ וָואס וַוארֶען גִיבַּאקִין אוֹיף זַאפְּרֶען אוּנ מִיט רָאזִינֶען אוּנ הָאט אַנִידֶער גִילֵייגְט אוֹיף דֶעם טִישְׁטוּךְ אוֹיבֶּען אָן אוּנ הָאט עֶס בַּאדֶעקְט מִיט אַיינֶעם טַייעֶרֶען שֶׁערְוֶועט וָואס וַואר אוֹיס גִיהֶעפְּט אוֹיף אִים וִויא מֶען שְׁנַייט דֶעם עוֹמֶר .

נוּא בִּיזְט דוּא דָאךְ שׁוֹין אַמָאל דָא מַיין בְּרִיאָה "הָאט זִיךְ דִיא מוּטֶער אָפּ גִירוּפִין צוּ אִיר זַייעֶר בֵּייז" וַוייל אִיךְ הָאבּ בִּילְכֶערֶעס גִיהַאט צוּ טָאן הָאט זִיךְ אָפּ גִירוּפִין דָאס מֵיידְכֶען , דוּא רֶעטְסְט נָאךְ דוּא פְּלַאטֶער מוֹיל , הָאט אִיר דִיא מוּטֶער אָן גִישְׁרִיעֶן שׁוֹין נִיט אַיין מָאל הָאבּ אִיךְ דִיר פַאר זָאגְט . דָאס דִיא חַלָה מוּז לִיגֶען אוֹיף דֶעם טִישׁ בֶּעצַייטִין , אַזוֹ הָאבִּין זִיךְ גִיפִירְט מַיינֶע עֶלְטֶערִין , אוּנ אַזוֹ וִויל אִיךְ מִיךְ אוֹיךְ פִיהְרֶען , וָואוּ אִיז דֶער פָאטֶער גִיגַאנְגֶען , עֶר אִיז שׁוֹין אִין שׁוּל פוּן אַהַאלְבֶּע שְׁטוּנְד הָאט זִיא אִיר גִיעֶנְטְפֶערְט, אָ וֵוייעֶ אִיבֶּער דִיא מַאנֶעס לַייט . הָאט זִיא זִיךְ אָפּ גִירוּפֶען , זַייא גֵייעֶן אִין שׁוּל מֶעהֶער אוּם צוּ שְׁמוּעֶסֶען דָארְטִין אַלְס צוּ דַאוְונֶען , דֶען וָואס טוּעֶן זַייא דָארְטִין בִּיז קַבָּלַת שַׁבָּת זַייא פְּלוֹידֶערִין דָארְטִין נוּר פוּן הַיינְטִיגֶע נַייעֶס אוּנ וַוייטֶער נִיט . לִיגְנֶער הָאבִּין אִיצוּנְד גְרוֹיס פַּרְנָסָה , אִין דִיזֶער אוּנְרוּהִיגֶע צַייט .

## 4.

## איין פרייטאג פאר נאכט ביא דעם מייסטער ברוך אין שטוב.

אין דיזע צייטין וואס גאנץ איינגלאנד איז געשטאנען אין קריגעס פלאמען צווישען פאטער אונ זון, אונ יעדער פון דיא איין וואונער האט גימוזט געהערין צו איינעם פון דיזע צווייא פארטייען, ווארען נור דיא יודען דיא אייגציגע דארטין אין לאנד וואס זיינען זיך געבליבין רוהיג, ווייל דיא יודען ווארען דאן דארטין אין לאנד נור גרים. אונ זייער שטימע (דעה) וואר אונוויכטיג, זייער פאטערלאנד וואר דאן נור דיא רעליגיאן, אונ זייער פלאץ פאראד וואר נור דיא שול, אונ דאהער זעלבסט אין דיזע טריבע צייטין, האבין זייא ניט אפ געווייכט איין האר אויך ניט פון זייער (קאליע) אונ האבין אפ גיהיט זייערע שבתים אונ זייערע ימים טובים מיט אלע צערעמאניען אזו וויא עס וואלט געוועזן דער גרעסטער פרידען אין לאנד.

עס וואר שוין דרויסין סיון. אונ דער שבת וואס פאר שבועות וואס איז אויס גיקומען זונטאג אונ מאנטאג איז אן גינומען געווארין דארטין פון דער אידעשע גימיינדע מיט גרויס פריידין, אם שענסטען אבער איז דיזער שבת אן גינומען געווארין ביא דעם מייסטער יאסען ווייל ער האט געהאט דאן אויף דיזעם שבת זייער וויכטיגע געסט פון פראנקרייך, פון איטאליא, זיינע פרויא דיא ווירטשאפטליכע שפרה האט לכבוד דעם אויס גיפוצט דיא הייזער פרעכטיג, מיט דיא טייערסטע בלומען אונ מיט דיא שענסטע געפעס. עס וואר נאך גרויסער טאג אונ אין זאל האבין שוין געברענט מעהר אלס אכטציג לאמפין פון טייערע בראנז אונ גינולטען קריסטאל אונ ווארען פול מיט דעם בעסטען בוימאייל, אין מיטין שטוב איז געשטאנען אלאנגער טיש גידעקט מיט אטייערע טישטוך פון דאמאסק וואס וואר אויף אים אויס גיהעפט זייער קינסטלאך דיא געשיכטע פון רות המואביה. ארום טיש זיינען געשטאנען אפאר טוץ שטולין בעצויגען מיט פורפור אונ ארום מיט גאלדענע פרענז, אויבין אן איז געשטאנען איין פאטעל אגרויסע שטול מיט פארענצין זייער שיין באפוצט מיט גאלדענע אונ זילבערנע בארטען וויא איין קיניגליכער טראהן, אין מיטין טיש זיינען געשטאנען טייערע זילבערנע לייכטער מיט יארעץ וואקסענע ליכט צום בענטשין, אין דיא ווינקלען פון זאל זיינען געשטאנען שמאלע אונ הויכע גלאז אלמערם אין וועלכע עס ווארען אויס געשטעלט קריסטאלענע אונ פארצעלייענע

דֶער לארד גִיפְרֶעגְט מִיט אֵיינֶער בֵּייזֶע מִינֶע, וַויל מִיר יוּדֶען זַיינֶען נוּר שְׁפִּיקוּלַאנְטֶען דַאהֶער דַארְפִין מִיר פוּן אַזֶעלְכֶע זַאכִין זֵייעֶר גֵייטִינג ווִיסֶען דַאמִיט מִיר זָאלִין ווִיסֶען וואו עֶס אִיז אַם זִיכֶערְשְׁטִין דִיא קַאפִּיטַאלִין צוּא פַאר לַייעֶן הָאט אִים דֶער ברוך גִיעֶנְטְפֶערְט, אוּנ וואוֹל אוּנ גוּט וָואלְט דֶעם יאסען גִיוֶועזֶען וֶוען עֶר וָואלְט פוּן דִיזֶער נַייאִינְגְקֵייט מִיט אַהַאלְבּ יָאר פְרִיעֶר גֶעוואוּסְט, דַאן וָואלְט עֶר גֶעבְּלִיבֶּען בֵּייא זַיינֶעם גְרוֹיסֶען קַאפִּיטַאל, אוּנ דַאהֶער זַיינֶען דִיא יוּדִין יֶעצְט אַזוֹ אַיין גִישְׁרָאקִין צוּ לַייעֶן דֶעם גְרֶעסְטִין בָּטוּחַ אָן אַמַשְׁכּוֹן, דֶען מֶען ווייס נִיט וָואס עֶס קֶען זִיךְ נָאךְ מָארְגִין מַאכִין, עֶס אִיז דִיא אִיצְטִיגֶע צַייט נִיט צוּ טְרוֹיעֶן.

דֶער בָּרוּךְ הָאט נָאךְ נִיט גִיעֶנְדִיגְט זַיינֶע רֵייד אִיז אַרַיין אַדִינֶער אִין זַאל אוּנ הָאט אִים גִימֶעלְדֶעט דָאס דֶער לָארְד בִּישׁוּף דוּרְהאם אוּנ דֶער לָארְד פוּדזייע שְׁטֵייעֶן אִין פָארְצִימֶער ״נוּן וֶוען אַזוֹ הָאט זִיךְ אָפּ גִירוּפִין דֶער לָארְד צוּ דֶעם בָּרוּךְ גִישְׁווינְד פוּרְט פוּן דַאנֶען. קוּם מָארְגִין צוּ מִיר אוּנ הָאט אִים אַזוֹ אַרוֹיס גִילָאזִין דוּרְךְ אַהִינְטֶער טִיר דַאמִיט דִיזֶע גְרוֹיסֶע הֶערִין זָאלִין אִים נִיט זֶעהֶען. אוּנ דֶער ברוךְ אִיז זִיךְ אַוֶועק אַהֵיים מִיט אֵיינֶער צוּ פְרִידֶענֶער מִינֶע.

אִין דִיזֶער נַאכְט ווַאר בֵּייא דִיזֶעם לָארְד אִין שְׁטוּבּ אַגְרוֹיסֶע סֶעסְיָאן פוּן דִיא גְרֶעסְטֶע לָארְדֶען אוּנ בִּישׁוּפֶען, עֶס אִיז אַהִין גֶעקוּמֶען זֵייעֶר אִין גֶעהֵיים אוֹיךְ דֶער פְּרִינְץ ריכארד נַאנְץ פַאר מַאסְקִירְט, עֶר אִיז גֶעקוּמֶען פוּן נארמאנדי וָואס עֶר הָאט דָארְטִין גֶעפִירְט קְרִיג מִיט זַיינֶעם פָאטֶער היינריךְ. עֶר הָאט גֶעמַאכְט מִיט אִים אַיין שְׁטִיל שְׁטַאנְד אוֹיף אֵייניגֶע טֶעג דַאמִיט עֶר זָאל הָאבִין צַייט צוּ קוּמֶען אַהֶער קַיין לאנדאן, אוּם צוּ זֶעהֶען זִיךְ מִיט דִיא גְרֶעסְטֶע לַייט דָאס זֵייא זָאלֶען מַסְכִּים זַיין דָאס נוּר עֶר זָאל זַיין קְרוֹין פְּרִינְץ אָבֶּער נִיט זַיין אִינְגֶערֶער בְּרוּדֶער יאהאן ווִיא זַיין פָאטֶער וויל. אוּנ דִיזֶעם סֶעסְיָאן אִיז גִיוָוארִין אַיין עֵלָה בְּמוּסְכָּם דָאס נָאר ריכארד זָאל זַיין דֶער נַאסְלֶעדְנִיק, אוּנ עֶס ווַאר דֶער בֵּייא זֵייעֶר פִיל גִיטְרוּנְקֶען אוּנ גִיגֶעסִין, אוּנ ווִיא עֶס הָאט נָאר אוֹיס גִיטָאגְט הָאט דֶער לָארְד אַרִיבֶּער גִישִׁיקְט זַיינֶעם אַדִינֶער צוּ דֶעם מֵייסְטֶער ברוךְ. דָאס עֶר זָאל אִים בְּרֵיינְגֶען צֶעהֶען טויזִינְט מַארְק, אוּנ זָאל אִים זָאגִין דֶער בֵּייא דָאס עֶר וֶועט הָעכְסְט צוּא פְרִידֶען זַיין פוּן אִים.

בענעדיקטוס , און דאס זאל איך דיר אלץ גלויבן דאס דוא בעטריגסט מיך ניט , דאס דוא קענסט מיר ניט לייען פון דיינע אייגענע קאפיטאלען «א גרויסער הערר» האט זיך דער ברוך אפ גירופין איך האב איצונד אין מיינעם הויזע מער ניט וויא דריי הונדערט מארק און דיזע דרייא הונדערט קען איך אייך פאר צעהען פראצענט פאר לייען «נון ווארום זאלסט דוא עס ניט באקומען ביי דעם יאסען דארטין אין יארק» האט אים גיפרעגט הער לארד איך ווייס דאך דוא האסט ביי אים טרייע און גלויבין «א מיין לארד האט אים דער ברוך גיענטפערט» וויא איך ווייס האט דאך דער יאסען קיין אייגענעם ניט» דען וואס ער האט נור גיהאט האט ער עס דעם פרינצען יאהאן פאר ליהען , און וויא עס האלט יעצט מיט דיזעם פרינצען איז עס אזוי גוט וויא פאר פאלען .

«מענסט דייטליך ארויס ריידין» האט אים דער לארד גיענטפערט , דען דוא קענסט דאך מיר שוין ניט פון נעכטין , און דער דריטער וואס איז דא מיט אונז אין שטוב איז אויך קיין פרעמדער , ער איז דאך מיין איידעם «ווילהעלעם לאנגשווערט דער זון פון אונזער קעניג היינריך , איין ברודער פון אונזער פרינצען ריכארד. און פון דעם יאהאן» «א וויא איך לעבע הער לארד» האט זיך דער ברוך אפ גירופין איר האט דיזע ווערטער ביא מיר פון מויל ארויס גינומען , דען ביי דעם ערשטין אן בליק האב איך שוין גיוואלט זאגען דאס דיזער יונגער הער איז אונזער קעניגש זון , דען ער גלייכט אים וויא צוויא טראפינס וואסער , נון ליבער לארד גראטולירע איך אייך דאס איר האט זוכה גיוועזן צוא אזוי איינער עהרע , נון זעהעט אויף זייא נחמה און נחת . דער לעבט פון זייא נוטע דורות» «ער איז אבער נור איין זייטענקינד פון איינער פלגש» האט זיך דער לארד אפ גערופין , «דאך אבער איז ער פון קעניגליכען בלוט» האט אים דער ברוך גיענטפערט .

דיזער יונגער מאן האט דער ביי גילאכט , און דער לארד האט אן געשריען אן דעם ברוך , שווייג דוא ווערטער מויל , רייד נור וואס דיר בעלאנגט , וואס איז מיט דעם יאסען און מיט דעם יאהאן «יא ליבער הער» האט זיך דער ברוך אפ גערופין , דער יאסע האלט שוין דאס געלט וואס ער האט געליעהן דעם פרינצען יאהאן אזוי גוט וויא פארפאלין ווייל דאס בלאט האט זיך אין דער פאליטיק גאנץ אומגיווענדעט , דען וויא מיר יודין ווייסין בלייבט שוין נור דער ריכארד איין קרוין פרינץ און ניט דער יאהאן , «און ווארום זאלין דיא יודין פון אזעלכע לאנד געהיימניס ווייסין» האט אים

פְלִינֶע שְׁפַּאצִירְט אוּם אִיבֶּערִין שְׁטוּבּ, אוּנ דֶער נָאךְ הָאט זִיךְ דֶער גְרַאף
אָפּ גֶערוּפִין צוּ דֶער הוֹיכֶע אוּנ דַארֶע גֶעשְׁטַאלְט, נוּא יוּדֶע וָואס בְּלַייבְּט
הָאסְט דוּא דִיךְ שׁוֹין אִיבֶּער גֶעלַייגְט, "גְנֶעדִיגֶער לארד מֶעכְטִיגֶער גְרַאף"
הָאט זִיךְ יֶענֶער אָפּ גֶערוּפִין פַארְנֵייגֶענְד זִיךְ זֵייעֶר טִיף, הוּנְדֶערְט יָאר זָאלְט
אִיר אַלְט וֶוערִין, אִיךְ הֶעטֶע מַיין לֶעבִּין פַאר אַייךְ גִיגֶעבִּין, נוּר דָאס וָואס
אִיר פֶערְלַאנְגְט פוּן מִיר דָאס קֶען אִיךְ נִיט, עֶס אִיז אוּם מֶעגְלִיךְ אִיךְ הָאבּ
מִיךְ שׁוֹין גֶענוּג בֶּעמִיהֶעט אוּם דֶעם, אוּנ עֶס אִיז אוּם מֶעגְלִיךְ, אִיךְ בִּין
אוֹיס גֶעלָאפִין דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט, אִיךְ וַואר בַּייא דֶעם מרדכי בַּייא דֶעם
יוחנן בַּייא דֶעם פֶעלְט, אוֹיךְ בַּייא דֶעם כתריאל "וָואס זָאנְסְטוּ" אִיז אִים
דֶער לארד אַרֵיינְגֶעפַאלִין אִין זַיינֶע רֵייד, אַזוֹ דוּא הָאסְט שׁוֹין מַיין נָאמֶען
אַרוּם גֶעשְׁלֶעפְּט אוּנְטֶער אַייעֶרִין גַאנְצֶען יוּדֶענְפַּאק, "אָ וָואס רֶעט אִיהְר
מֶעכְטִיגֶער הֶער" הָאט זִיךְ דֶער יוּדֶע אָפּ גֶערוּפִין, אִיךְ הָאבּ נָאר פַאר
אַיינֶעם פוּן זֵייא נִיט גֶעזָאגְט פַאר וֶועמֶען אִיךְ בְּרוֹיכֶע עֶס דִיא הלואה, נוּר
אָבֶּער וָואס הֶעלְפְט עֶס זֵייא אַלֶע זַיינֶען וִויא אֵיינֶער, פּוּנְקְט וִויא זֵייא
וָואלְטִין זִיךְ צוּזַאמֶען גִירֶעט. אַלֶע בֶּעטִין אֵיין מֶקַח, אַךְ וִויא שֶׁענְדְלִיךְ,
נִיט אַנְדֶערְשׁ וִויא אַבְּטְצֶעהֶען פוּן הוּנְדֶערְט אוֹיף זֶעקְס מָאנַאטֶען, וֵייא
גֶעשְׁרִיעֶן אִיבֶּער הַיינְטִיגֶע וֶועלְט גַאנְץ פֶערְדָארְבֶּען "שֶׁעמְט אַייךְ" הָאבּ
אִיךְ צוּ זֵייא גֶעזָאגְט עֶטְלִיכֶע מָאל, אוּנ זֵייא הָאבִּין מִיךְ אָבֶּער אַלֶע אוֹיס
גֶעלַאכְט אוּנ הָאבִּין גֶעזָאגְט דָאס אִין אַזֶעלְכֶע שְׁוֶוערֶע צַייטִין וָואס מֶען אִיז
אִין פוּל אַנְגֶעשְׁט דָאס מֶען זָאל הַיינְט מָארְגִין נִיט אַרוֹיס גֶעיָאגְט וֶוערִין פוּן
לַאנְד. אוּנ דֶער צוּ נָאךְ דָאס מֶען זָאל נִיט אוֹיס רוּפִין דָאס וֶוער עֶס אִיז
שׁוּלְדִיג אַאִידֶען דַארְף נִיט בַּאצָאלִין, אִיז אַגְרוֹיסֶע רִיזִיקֶע גֶעלְט צוּא
אַנְטְלַייֶען. נוּן דַארְף מֶען עֶס נִיט טָאן וואוּ מֶען זָאל נִיט דֶער בַּייא רֶעכְט
גֶעלוֹינְט וֶוערִין, אָ הֶעטֶע אִיךְ אַלֵיין גֶעהַאט אַפָּאר טוֹיזֶנְט מַארְק וָואלְט
אִיךְ אַייךְ פַאר גֶעווִיס פַאר פִיל בִּילִיגֶער גֶעלִיהֶען, צוּם אוּמְגְלִיק פוּן
אוּנְז בֵּיידֶען הָאבּ אִיךְ עֶס נִיט, דָאךְ אָבֶּער וִויא אִיךְ זֶעהֶע אֵיין דָאס
אַייךְ אִיז דִיזֶע סוּמֶע זֵייעֶר גֵייטִיג צוּ הָאבִּין, קוּמְט בַּייא מִיר אוֹיס דָאס
אִיר דַארְפְט וֶועגִין דֶעם פְּרָאצֶענְט קֵיין גְרוֹיסֶע וֶועזִין מַאכִין. וָואס מִיךְ אִיז
נוֹגֵעַ קֶען אִיךְ שְׁוֶוערִין דָאס אִיךְ וֶועל פוּן דִיזֶעם גַאנְצֶע גִישֶׁעפְט נִיט
אַנְרָאכִין פַאר דִינֶען לבד וָואס אַייעֶרֶע גִיפֶעלִיַקייט וֶועט מִיר בֶּלָאנֶען, נוּן
מַיין טַייעֶרֶער לארד זָאגְט מִיר אַרוֹיס דַייטְלִיךְ וָואס בְּלַייבְּט בַּייא אַייךְ אוּנ
אִיךְ שְׁטֵייא אַייךְ צוּא דִינֶען "אָ בֶּענֶעדִיקְטוּס" הָאט זִיךְ אָפּ גִירוּפִין דֶער
גְרַאף בֶּעטְרַאכְטֶענְדִיק אוּם פוּן דֶעם קָאפּ בִּיז דִיא פִים אָ דוּא רַייכֶער

צו זייער רייך געלוינט , אונ אלס איר זון דער אווען איז געוואהרין שוין אלט איאר צוואנציג האט ער אריין געטראטין אין דינסט . אונ איצונד איז ער געווארין איין פארסט מייסטער , אונ צוליב זיינער קראנקהייט האט ער זיך איצונד אויף געהאלטין וויא מיר ווייסין שוין דא אין לאנדאן , אונ אלס דיא עלטערין האבין זייער טאכטער מלכה גידארפט שיקען קיין לאנדאן , האט דיזע אנא בענוצט דיזע גילעגענהייט צו פארין מיט איר זיך צו זעהען מיט איר איינציגען זון אווען , אונ דיא עלטערין האבין קיינע בעסערע אויף פאסערין אויף זייער טאכטער ביי דיזער רייזע געהאט אלס דיזע טרייע אונ פרומע אנא וואס וואר אימער ביי איר האנד אויך דא אין לאנדאן , אונ מער וויא דיזעם דארפין מיר ניט וויסען דא פון איר ‫:‬

3.

## דער מייסטער הער ברוך אין דעם פאלאץ פון גראף זאליסבוריא

דארטין אין דעם פאלאץ פון דעם גראף זאליסבוריא איז גישטאנען ביי דער טיר פון איינעם גיראמען זאל וואס וואר זייער הערליך בעלויכטין איין הויכער דארער מענטש האלב געבייגט אונ צוגיקערט מיט דעם רוקין צום ווינקעל , ער וואר אנגעטאן אין אלאנגען שווארצען מאנטעל , דאס געזיכט וואר לייגגליך , דער שטערין וואר ברייט , הויך גיוועלבט , אונ געקנייצט זייער טיף אין לאנגע רונצעלטע . אונ ארום זיין געבויגענעם מארדע וואר איין געדיכטער רונדער בארד וואס האט זיך ביי דעם ענדע צו טיילט אין צוויא קליינע שפיצען , זיינע הוט האט ער גיהאלטין אונטער זיינעם ארעם , אונ האט מיט זיינע ביידע גרויסע אונ שווארצע אויגען געקוקט אלץ אויף דיא טריט פון דעם לארד «זאליסבוריא» וואס איז אלץ אומגינאנגען איבער דעם זאל הין אונ הער , אונ האט פון מינוט צו מינוט אבליק געטאן מיט גרויס צארין אויף דיזע טרויערינע געשטאלט אונ אויף דיזע צווייען , דאס הייסט אויף דיזעם לארד , אונ אויף דיזעם יודען , האט ווידער געקוקט מיט איינער קאלטע מינע איין דריטער וואס וואר נאך זייער יונג אונ זייער רייך גיקליידעט אונ איז זיך גישטאנען גילעהנט אין איינער פארמוגע . אונ האט אויס גיזעהען עפעס וויא איין שטיינערנעם בילד .

בענאהע פון איינער האלבע שטונדע וואר דארטין אין זאל איינע שטילקייט וויא אויף אבית עולם , דאס מען האט גיקענט הערין וויא איינע

גְוֶוארִין מִיט דֶעם פַייל פוּן לִיבֶּע וִויא זִיא אִיצוּנְד, דֶען אוֹיף אֵיין מָאל הָאט זִיךְ אִיר אָן גִיבָּאטִין פַאר אַמַאן אַיין יוּנְגֶער הֶעלְד וָואס וַואר דָא אִיצוּנְד אִיר רֶעטִירֶער, אוּנ אִיז צוּא גְלַייךְ אוֹיךְ דֶער שֶׁענְסְטֶער מַאנְסְפֶּערְזוֹין פוּן זַיינֶער צַייט, פוּן גְרוֹיסִין אַדֶעל, פוּן גְרוֹיסִין חַארַאקְטֶער. אוּנ אוֹיךְ גִינוּג רַייךְ. אוּנ אִיז אַזוֹ אִין שְׁטַאנְד אִיר הֶעכְּסְט גְלִיקְלִיךְ צוּ מַאכִין, אוּנ זִיא אִיז גְוָוארִין אַזוֹ גַאנְץ צוּא מִישְׁט דָאס זִיא הָאט אִים אוֹיף דִיזֶע דִבּוּרִים זַיינֶע נִיט גִיקֶענְט עֶנְטְפֶערִין יוֹא אָדֶער נֵיין, אוּנ אִיז אַזוֹ גִיבְּלִיבִּין זִיצִין וִויא אַשְׁטוּמֶע בִּיז זֵייא הָאבִּין גִידַארְפְט אַרוֹיס שְׁטַייגִין פוּן דֶער שִׁיפֶעלֶע. אוּנ עֶרְסְט בַּייא דֶעם שֵׁיידִין זִיךְ הָאט עֶר אַרוֹיס בַּאקוּמֶען פוּן אִיר אַיין הֵיילִיגֶעס פַאר שְׁפְּרֶעכִין דָאס זִיא זָאל זִיךְ מִיט אִים וִוידֶער זֶעהֶן אִין דֶעם זֶעלְבִּיגֶען צִימֶער פוּן דֶעם אַוֶועץ מֶערִידִיט אַרוּם צֶעהֶן דֶעם זֵיינֶער.

נוּן מַיינֶע טַייעֶרֶע לֶעזֶערִין בְּלַייבְּט מִיר אִיבֶּער נוּר צוּ דֶער צֵיילִין אַיין עֶטְוָואס פוּן דִיא אַלְטֶע קְרִיסְטֶען אַנַא מֶערִידִיט וֶוער זִיא אִיז, אוּנ וָואס פַאר אַיין שַׁייכוּת זִיא הָאט גִיהַאט צוּ דֶער מֵיידְכֶען.

דִיזֶע פְרוֹיא וַואר אַלֵיין פוּן גְרוֹיסִין אַדֶעל, אִיר מַאן וַואר אַיין מַאיָאר אוּנ הָאט גִידִינְט אִין דֶער אַרְמֵייא פוּן דֶעם פִירְשְׁטֶען „צִיפֶּעלַאךְ" עֶר הָאט גֶעהֵייסִין „רֶעעס-מֶערִידִיט" אוּנ וַואר אוֹיס וַואלִיזֶע, אוּנ הָאט גֶעהַאט דָאס אוּמְגְלִיק צוּ וֶוערִין גִיפַאנְגֶען פוּן דֶעם פַיינְד וָואס אִיז אִיבֶּער גִיפַאלִין אִיבֶּער דִיא שְׁטָאט „צְזֶעסְטֶער" וואוּ זֵייא הָאבִּין גֶעוואוֹנְט, אוּנ הָאט דָארְט אוֹיס גֶעמָארְדֶעט אַלֶעס וָואס הָאט נוּר דָארְטִין גֶעלֶעבְּט. אוּנ הָאט דֶער נָאךְ דִיא שְׁטָאט אָפּ גֶעבְּרֶענְט, עֶס הָאבִּין זִיךְ דַאן נוּר אַיין קְלֵיינֶער צָאל פוּן דִיא דָארְטִיגֶע אַיינְוואוֹנֶער גֶערֶעטֶעט וָואס דִיא אַנַא מִיט אִיר זוּן וַוארִין דָא אֵיינִיגֶע פוּן דִיזֶע, אוּנ זַיינֶען אַזוֹ פִיל טֶעג אוּם גֶעלָאפֶען וִויא אַיין פַארְיָאגְטֶער הִירְשׁ אוּנ הָאבִּין זִיךְ נִיט גֶעהַאט וואוּ אַהִין צוּ טָאן, דֶען קֵיינֶער הָאט זֵייא נִיט גֶעוָואלְט אַרַיין לָאזִין צוּ זִיךְ בִּיז זֵייא זַיינֶען גֶעקוּמֶען צוּ דִיא עֶלְטֶערִין פוּן דִיזֶעס מֵיידְכֶען וָואס וַוארִין גוּטֶע פְרַיינְד פוּן אִיר מַאן, אוּנ זֵייא הָאבִּין אִיר אוֹיף גֶענוּמֶען מִיט אָפֶענֶע אָרֶעמְס, אוּנ דָארְטֶען אִיז זִיא אוֹיךְ גֶעוָואר גֶעוָוארִין דָאס אִיהְר מַאן אִיז אוּמְגֶעקוּמֶען אוֹיף דֶעם עֶשַׁאפָאט. אוּנ הָאבִּין אִיר אַזוֹ מִיט אִיר קִינְד גִיהַאלְטִין בַּייא זִיךְ פִיל יָארִין אִין הוֹיזֶע, הָאבִּין אִיר אָרֶענְטְלִיךְ גֶענֶערְט, גֶעשׁוּכְט. גֶעקְלֵיידֶעט, אוּנ זִיא הָאט דֶער פַאר דָארְטִין גֶעווירְטְשַׁאפְטֶעט. הָאט עֶרְצוֹיגִין דִיא מַלְכּה אוֹיף אִיהֶרֶע הֶענְט הָאט אִיר גֶעבִּילְדֶעט, אוֹיךְ וֶועסֶע בַּאזָארְגְט. אוּנ אִיז אִין יְתוֹמִים גֶעהַאלְטִין גֶעוָוארִין וִויא אַיין אֵיינֶגֶענֶע, אוּנ הָאבִּין אִיר נָאךְ דֶער

צו זֶעהֶן) , אוּנ בֵּיידֶע בַּאקוּמֶען עֶס אֵיינֶער פוּן דֶעם אַנְדֶערְין אִין פּוּלְיֶעם מָאס . אוּנ וואוּ מֶען קוּקְט אוֹיס אִים לֶעבִּין נוּר אוֹיף אַזֶעלְכֶע זַאכִין דָארְט שְׁפִּילְט שׁוֹין דִיא לִיבֶּע אַגַאנְץ קְנַאפֶּע רָאלֶע , דֶען זִיא קוּמְט שׁוֹין מְמֵילָא , אוּנ מִיט דֶער צַייט וֶוערְט פוּן אַיין חָתָן אוּנ אֵיינֶער כַּלָה וָואשׁ וַוארִין זִיךְ פְּרִיהֶער גַאנְץ אוּם בַּאקַאנְט דִיא טְרַייֶעסְטֶע מַאן אוּנ ווייבּ אוּנ דִיא בֶּעסְטֶע עֶלְטֶערְין .

אוּנ דִיזֶעס גֶישְׁפְּרֶעךְ אִיהְרֶער וַואר אִים אַזוֹ זִיס אוּנ אָן גֶינוּמֶען וִויא דִיא שֶׁענְסְטֶע מוּזִיק , דָאס עֶר הָאט מִיט זַיינֶע הָארְכֶענְדֶע אוֹיעֶרִין פַּאר שְׁלוּנְגֶען אִיר יֶעדֶעס וָוארְט , אוּנ אַזוֹ אוֹיךְ הָאט עֶר גִיט פַאר זֶעהֶען מִיט זַיינֶע הֶעלֶע אוֹיגִין אִיר יֶעדֶע מִינֶע וָואס זִיא הָאט גֶימַאכְט דֶער בַּייא , אוּנ הָאט אִיר אִין דִיזֶער קְלֵיינֶע צַייט בַּאטְרַאכְטֶעט פוּן אוֹיבִין בִּיז אַרָאפּ , דָאס עֶר הָאט שׁוֹין גִיוואוּסְט דֶעם צָאל פוּן דִיא הָאר וָואס אִיז אִין אִיר לַאנְגֶע בְּרֶעמֶען , אוּנ פוּן דִיא פַאלְבֶּען וָואס אִיז אִין אִיר מַאנְטִילֶע , דֶען זִיא וַואר אִים לִיבּ , זִיא אוּנ וָואס נוּר אָן אִיר גִיהֶערְט , דָאס הֵייסְט זֶעלְבְּסְט אִיר קְלֵייד אוּנ אִיר שְׁנוּפְּטוּךְ , דָאס עֶר הָאט זִיךְ גִישַׁאצְט גְלִיקְלִיךְ בַּייא דֶעם בְּערִיהְרֶען פוּן דִיזֶע אַלֶע זַאכִין , אוּנ וַואר אַזוֹ פַאר לִיבְּט אִין אִיר דָאס עֶר הָאט זִיךְ שׁוֹין נִיט גִיקֶענְט אַיין הַאלְטִין אוּנ הָאט צוּא אִיר גִיזָאגְט „לִיבֶּע מַלְכָּה” פָאלְגֶע מִיךְ אוּנ פַּאר גֶעסֶע דַיין פָאלְק , דַיינֶע עֶלְטֶערְין , אוּנ פַּאר גֶעסֶע דֶער מִיט דֶעם הַאס פוּן דֶר גַאנְצֶער וֶועלְט צוּ אַייעֶר נַאצְיָאן , אוּנ צוּא גְלַייךְ אוֹיךְ אַלֶע עֶלֶענְד אוּנ נוֹיט , בֶּעלֵיידִיגוּנְג אוּנ פַּאר דְרוּס , פָאלְגֶע מִיךְ שְׁלִיסֶע דִיךְ אָן אָן דִיא קְרִיסְטֶען וֶועלְט אוּנ וֶועל אַזוֹ אוֹיךְ צוּ לִיבּ דִיר פַאר גֶעסִין אָן מַיינֶע גְרוֹיסֶע גִיבּוּרְט (יִחוּס) . אָן מַיין הוֹיכִין אַדֶעל דֶען דוּא הָאסְט מִיר מַיין הֶערְץ בַּאצְוואוּנְגֶען , דוּא בַּאהֶערְשְׁט שׁוֹין מַיין גֶעמִיט וִויא אֵיינֶע ווירְקְלִיכֶע קֶנִיגִין אוּנ וֶועל אַזוֹ בְּלַייבִּין פַאר בּוּנְדִין מִיט דִיר אוֹיף אִימֶער אוּנ אֵייבִּיג .

דִיזֶע דִבּוּרִים וָואס זַיינֶען אוֹיס גֶישְׁפְּרָאכִין פוּן אִים מִיט אַגְרוֹיסֶע קְרַאפְט פוּן וַוארְהַייט אוּנ לִיבְּשַׁאפְט הָאבִּין גִיווירְקְט וִויא אַיין צוֹיבֶּער מַאכְט אוֹיף דָאס אוּם שׁוּלְדִיגֶע הֶערְץ פוּן דִיזֶער גֶעטְלִיכֶע מֵיידְכֶען , אוּנ אִיז גִיבְּלִיבִּין זִיצִין צוּא מִישְׁט וִויא אֵיינֶער וָואס וֶועט אִיבֶּער פַאלִין פוּן אֵיינֶעם פְּלֶעצְלִיכֶען דוּנֶער וָואס פְּלַאצְט אָפְט אַרוֹיס פוּן אֵיינֶעם אוּם גֶערִיכְטִין וָואלְקִין אִין דֶער שֶׁענְסְטֶע פָּאגָדֶע פוּן אֵיינֶעם לוֹיטֶערִין זוּמֶער טָאג , דֶען נָאךְ וַואר קֵיין מֵיידְכֶען בִּיז אַהֶער אַזוֹ אוּם בַּאקַאנְט מִיט דֶעם עִנְיָן פוּן לִיבְּשַׁאפְט וִויא דִיזֶע מַלְכָּה , אַזוֹ גְוַואלְטִיג אוּנ פְּלֶעצְלִיךְ בַּארִירְט

גיבורט דאס דוא וועסט מיט דיינע שוינהייט זיין דיא קעניגין פון אלע פרויען , דאס זייא זאלין דיר אזו אנאמען געבין .

«א ליבער הער» האט זיא אים גיענטפערט , בענוצע בעסער דיזען קאמפלעמענט פאר אייערע איינגעלשע פרינצעזינען אלס פאו׳ איין אידעשעס מיידכען וויא איך וואס איז איינע פון דיא לעצטין אים לאנדע , «אונ וויא הייסין דיינע עלטערין» האט ער איר גיפרעגט , «מיין פאטער» האט זיא אים גיענטפערט , הייסט מאסטער יאססען פון יארק , ער איז דארט דער ווילע דער קעניגליכער שאצמייסטער , «אונ ווארום גראדע דער ווילע» האט ער איר גיפרעגט , «ווייל וויא מען זאגט» האט זיא אים גיענטפערט , זאל איצונד ווערין קיניג דער ריכארד , נון וויים מען ניט נאך צו וועט ער גאר וועלין האלטין אידין פאר איין שאצמייסטער «נוא ווען דיין פאטער איז אין יארק» האט ער צו איר ווייטער געזאגט , איז דאך מיר אוואונדער וויא קומסטו אהער , «מיין פאטער האט מיך גישיקט אהער צו זיינעם האנדעלס קאמפאניאן וואס ער האט דא אין לאנדאן , ער האט מיך געשיקט מיט דיזע אלטע קריסטין אנא וואס איך בין אויף איהרע הענד אויף געצויגין געווארין , אונ איז אונז אזו גוט וויא אייגענע , זיא איז מיט מיר צוזאמען געפארין ווייל זיא האט דא אזון , אונ איך וועל דא שוין בלייבין זיצען ביז אין דעם שפעטין זומער אום צו ערווארטין מיין חתן וואס דארף אהער קומען .

אונ׳ ווער איז יענער גליקליכער וואס איז געווארין דיינער אחתן , האט ער איר גיפרעגט «דאס וויים איך נאך אליין ניט» האט זיא אים גיענטפערט , «אונ וויא איז עס מעגליך» האט ער איר ווייטער גיפרעגט , «ווייל מען האט מיך נאך אין מיינער קינדהייט מיט אים פאר קנאסט» האט זיא אים גיענטפערט , אונ איז אזו גאר קיין איינגלענדער , «נון ווען עס גייט צו בייא אייך מיט שידוכים אויף אזו איין אופן» האט ער זיך אפ גערופין , דא מוז פאר געווים זיין בייא אייערע פאר פאלגין צאנק אונ דיא גרעסטע אום איינזיקייט נאך דער חתונה «ניין מיין הער» האט זיא אים גיענטפערט , דיזער פאל איז בייא אונז גאנץ זעלטין . ווייל מיר יודין וואס ווערין אין דיא נאסין געיאגט אונ גיהעצט וויא דיא הונדע זוכין מיר אונזערע רוהע אונ אונזערע גליקזעליגקייט נור אין דער הייזליכען לעבין , דיא פרויען אונזערע זוכין צו געפינען איין באשיצער אין זייערע מענער , אונ דיא מענער באמיהען זיך צו געפינען אין זייערע פרויען איינע טרייסטערין אונ איינע פפלעגערין (דאס הייסט איינע פרוי וואס זאל אים

גִּינְט מִיר וֶוינִינְסְטִינְס צוּ בַּאוַוייזִין אַייךְ דָאס אִיר הָאט קֵיינֶע אוּמְדַאנְקְבַּארֶע גִּירֶעטֶעט» , אִיךְ בִּין אַיין קִינְד פוּן הֶעכְסְט רַייכֶע עֶלְטֶערִין , נוּן וֶוען אִיר זַייט פִילַייכְט פַאר קְוֶועצְט אִין גֶעלְט קֶענֶען זַייא אַייךְ מִיט גְרוֹיסֶע קַאפִּיטַאלִין שְׁטִיצִין בִּיז אִיר וֶועט פוּן אַייֶער קְלֶעמֶע אַרוֹיס. «אָ נֵיין לִיבֶּעס קִינְד» הָאט עֶר אִיר גִיעֶנְטְפֶערְט , וֶוען אִיךְ וָואלְט שׁוֹין גִיוֶוען דֶער וַוייסְט וִויא פַאר אֵייגְנְט חָאלְט אִיךְ אוֹיךְ דָאס נִיט אָן גִינוּמֶען פוּן זַייא , דֶען מַיינֶע מֶענְשְׁלִיכְקַייט פַאר קוֹיפֶע אִיךְ נִיט , אוּנ בִּפְרַט דָאס אִיךְ וַויים נִיט פוּן גֶעלְד נוֹיט «נוּן וֶוען אַזוֹ» הָאט זִיא זִיךְ אָפּ גִירוּפִין , דַאנְק אִיךְ דֶעם בַּאשֶׁעפֶער דָאס עֶר הָאט מִיר צוּ גִישִׁיקְט אַזוֹ אַגִילֶעגֶענְהַייט דָאס אִיךְ זָאל קֶענֶען דוּרְךְ אִיר פַאר שְׁטֵיין וֶועלְכֶע בְּרַאוֶוע עֶרְלִיכֶע לַייט עֶס גִיבְּט אוּנְטֶער קְרִיסְטֶען , אוּנ דִיא מוֹסְדוֹת פוּן זַייעֶר אֱמוּנָה מֵיינְט אוֹיךְ נוּר צוּ פִירֶען זַייא צוּ וַוארְהַייט אוּנ לִיבֶּע וִויא אוּנְזֶער אֱמוּנָה מֵיינְט אוֹיךְ מִיט אוּנְז דָאס זֶעלְבֶּע , אוּנ דָאס דִיא גִימֵיינֶע זַיילִין טוּעֶן דוּמְהַייטִין אוּנ אוּמְרֶעכְטִין נוּר פוּן זַייעֶר אֵייגֶענֶעם בַּייזִין הֶערְצֶן , אוּנ צוּ מַיינֶעם אוּמְגְלִיק הָאבּ אִיךְ בִּיז אַהֶער גִיקֶענְט נוּר אַזֶעלְכֶע.

«אוּנ דַאהֶער» הָאט עֶר זִיךְ צוּ אִיר אָפְּגֶערוּפִין , מוּז אִיךְ דִיךְ בַּאגְלֵייטִין בִּיז דַיין הוֹיז , דֶען אָן מִיךְ קֶען דִיר נָאךְ גְרוֹיס אוּמְגְלִיק בַּאגֶעגֶענֶען אוֹיף דַיין צוּרִיק גֵיין , דֶען אַיין אוֹיפְגֶערֵייצְטֶער פֶּעבֶּעל (המון עם) אִיז גִיפֶערְלִיכֶער אַלְס אַיין אוֹיף גִיהֶעצְטֶער טִיגֶער .

אוּנ אַלְס עֶר הָאט דָאס אוֹיס גִישְׁפְּרָאכִין אִיז עֶר מִיט דִיא מֵיידְכֶען אוּנ מִיט דִיא אַלְטֶע פְרוֹיא אַרוֹיס פוּן שְׁטוּבּ דוּרְךְ דִיא הִינְטֶער טְרֶעפּ נָאךְ דֶעם וִויא עֶר הָאט גֶעלָאזְט זָאגֶען דֶעם שאטעאוינרין דָאס עֶר זָאל פוּן דָארְטֶען אַוֶועק אוּנ זָאל אוֹיף אִים וַוארְטִין אִין זַיין קְוַואטִיר , אוּנ אִיז אַלֵיין מִיט זַייא אַוֶועק בִּיז דֶער טְהֶעמְזֶע . אוּנ דָארְט הָאבִּין זַייא זִיךְ אַרוֹיף גִיזֶעצְט אוֹיף אַקְלֵיין שִׁיפֶעל , אוּנ זַיינֶען אַזוֹ גִיפָארִין צוּ דִיא מֵיידְכֶענְס וואוֹנוּנְג מִיט דֶעם וַואסֶער , וַוייל דִיזֶער וֶועג וַואר פִיל זִיכֶערֶער אַלְס דוּרְךְ דִיא גַאסִין וָואס הָאבִּין נָאךְ גִיקָאכְט פוּן דִיא פְּרָאצֶעסֶע לַייט , אוּנ עֶס וַואר אַלְס זַייא וַוארִין שׁוֹין אֵיינֶע הִיפְּשֶׁע צַייט גִיזֶעסִין צוּזַאמֶען אִין דֶער שִׁיפֶעלֶע הָאט דֶער מערדוינט אַפְרֶעג גִיטָאן דִיא מֵיידְכֶען וִויא מֶען רוּפְט אִיר «מֶען רוּפְט מִיךְ מלכה» הָאט זִיא גִיעֶנְטְפֶערְט , «אוּנ וָואס זָאל דִיזֶער נָאמֶען בַּאדַייטִין» הָאט עֶר אִיר גִיפְרֶעגְט , דֶען וִויא אִיךְ וַויים זַיינֶען אַלֶע אִידֶעשֶׁע נֶעמֶען נִיט פוּן דֶער לוּפְט גִיחַאפְּט «דִיא בֶּעדַייטוּנְג פוּן מַיינֶעם נָאמֶען» הָאט זִיא גִיעֶנְטְפֶערְט «אִיז קִינִיגִין» «אָ וֶוען אַזוֹ» הָאט עֶר זִיךְ אָפּ גֶערוּפִין , דָא מוּזִין דַיינֶע עֶלְטֶערִין נְבִיאִים זַיין , דֶען זָאנְסְט פוּן וָואהֶער וָואלְטִין זַייא גִיוואוּסְט נָאךְ אִין דַיינֶער

(מלכה)

שוואכהייט ניט ניקענט ענטפערין, האט זיך אפ גערופין דיא טוטער מיט
איינער אפען הערצינקייט וויא דער שטיינער איז פון איינער אלטע פרויא,
מיינעם זון פעלט מעהר שכל אלס גיזונד, ער האט זיך פאר ביינקט נאך
זיינע אכלה וואס מען רופט איר דיא שיינע קיטטי וואס האט אים אין
אנפאנג זייער געליבט, אונ איצונד איז זיא אים העכסט אונטרייא געווארין
אונ זיא וויל אים ניט. אונ האט אזו דורך דעם באקומען אויך דעם פיבער,
נון היילט אים איצונד דער היגער ראבינער, דאך גלויבע איך גיט דאס
איין ראבינער זאל קענען היילין איינע גיקריינקטע ליבע.

ווען די גאנצע קראנקהייט איז נור דער פון „האט זיך דר מערדוינט
אפ גירופין" דא קען ער דורך מיך באלד גיהאלפין ווערין, דען איך ווערדע
שוין אזו מאכין דאש דיא שיינע קיטטי זאל זיך אזו גאר בעטין בייא אים
דאס ער זאל איר פאר צייהען אויף איהרע ביז אהעריגע אום רעכט געגין
אים, ווייל איר נייער גיליבטער דינט אין מיין רעגעמענט (פולק) אונ
דען ווער איך אים מארגין אוועק שיקין צום שלאכט דארט אין דער
נארמאנדיע, דען איך וויים זייער גוט פון דיזער געשיכטע, נון וואר דיא
מוטער העכסט צופרידין פון דיזער פאר זיכערונג, אונ האט אים זייער שיין
גידאנקט, ניט אזו אבער איר זון, דען ער האט דיזען אומבעקאנטין הערין
פיל בעסער אלס דיא מוטער גיקאנט, אונ איז פאר אים גישטאנען וויא
איין דינער פאר זיינעם הערין מיט גרויס רעספעקט (דרך ארץ).

אונ דאס מיידכען וואס איז אין דער קורצין צייט פון זייער קורצין
גישפרעך איין עטוואס שוין צו זיך גיקומען האט זיך דער נאך פאר נייגט
זייער טיף פאר דיזען מערדוינט אונ האט אים אנגעהייבין צו דאנקען אונ
צו בענטשין פאר זיינע גרויסע הילפע וואס ער האט איר דא געצייגט אין
איר גרויסע נויט, „איר זייט מיין רעטונגס איינגעל" האט זיא צו אים גיזאגט,
איר זייט מיר נור פון הימעל צו גישיקט אין דיזער גיפערליכע מינוט. אן
אייער הילפע וואלט איך שוין געווים ניט גיהערט מעהר צו דיא לעבעדיגע,
נון זאל אייך אייער גרויסער זענדער (צו שיקער) דער פאר לוינען, דען
וואס קען אייך פאר גיטען איין יודעשעם ארעמעם מיידכען וויא איך בין.

„הער אויף מיט דיינעם דאנק" האט זיך אפ גערופין צו איהר דער
מערדוינט, איך האב גיטאן נור וואס יעדער בראוער מענטש גיהערט צו
טאן בייא אזו איינער זאכע, דער וואס זעהט צו איין מארד זייער רוהיג איז
ניט בעסער פאר דעם מערדער, אונ בפרט דוא ביזט דאך איין שיינעס
מיידכען, „אונ דאך ליבער הער" האט זיא צו אים ווייטער גיזאגט „פאר

גישליידערט פון דיא טרעפ מיט אזו אהאסט . דאס עס וואר איין וואונדער דאס עס האבין זיך זיינע ביינער ניט צו שאטין , נון האט זיך אנגעהייבין איין גרויס גישלעג , דען עס האבין זיך אנגענומען פאר אים נאך אנדערע , און עס איז אזו ווייט גיקומען דאס דער צווייטער יונגער מאן דער שאטעאוינרין האט ארויס גיצויגין זיין לאנגען דעגין און האט אויס גישריען , „ווער עס וויל זיין קאפ ברייננגען אהיים דער זאל פון דאנען אפ טרעטין“ , און דיזע ווערטער האבין זייער שטארק געווירקט אויף דיזעם הויפין מענטשין דאס זייא האבין אנגעהייבין זיך צוריק צו ציהען , און דער ווילע האט זיך דארט אויבין גיעפינט דיא טיר , און אבלייבע און אשוואכע האנד האט צו דיא דרייען , דאס הייסט צו דער מיידכען צו דער אלטע פרויא און צו דעם מערדוינט אוואונק געטאן דאס זייא זאלין אריין אין שטוב , און וויא זייא זיינען נור אריין האט זיך דיא טיר הינטער זייא דרייען צו געשלאסין , און דער לארעם האט אויף גיהערט אויף דער שטעלע .

2,

## „דיא ערסטע בעקאנטשאפט“

נון וועלין מיר איצונד לאזין דעם שאטעאוינרין שטיין אונטען מיט דעם בלויזין דעגין ווארטענדיג אויף זיינעם הערין מערדוינט , און וועלין אונז ארום זעהען וואס עס איז צוגיגאנגען דארט אין שטוב , דיזעם הויז האט גיהערט צו דעם לארד קאנטערבוריא, און איצונד איז דארט איין גישטאנגען איין קראנקער יונגער מאן וואס מען האט אים גערופין «אוועןמערידיט» איין זון פון דער אלטע קריסטען וואס האט זיך דא אן גענומען פאר דעם אידעשעם מיידכען , ער וואר וויא מיר האבין שוין פריער געשריבען איין פארסט מייסטער איבער דיא וועלדער ביי דעם נייעם נאסלעדיק ריכארד רעוועגהערין וואס האט אים גילאזט דארט איבער זיינער קראנקהייט איין קוואטירען . און דיא מוטער וואס האט ניט געוואוסט ווער דער מערדוינט איז האט זיא אים פאר גישטעלט פאר איר זון דאס ער איז עס וואס האט גירעטעט דיזעם מיידכען וואס איז איר וויכאוואנקע , און אלס דער אווען מערידיט האט אים דער פאר גידאנקט מיט איינער שוואכע שטימע , האט אים דיזער אום באקאנטער הער גיפרעגט אויף וואס ער איז קראנק . און אלס דער אווען מערידיט האט אים מעהר אויס צוא מישונג אלס אויס

קְרִיסְטִין גוּט גִיקָאנְט אוּנ הָאט גִיזָאגְט ״פּוּיא האננא מערידיט״ צוּא וָואס זָאלְט אִיר אַייךְ אָן גֶעמֶען פַאר אֵיינֶע פַאר פְלוּכְטֶע יוּדִין וָואס הָאט זִיךְ גִיווַאגְט צוּ זֶעהֶן אוּנְזֶערֶע פְּרָאצֶעסְיֶע וָואס דָאס אִיז שׁוֹין זֶעלְבְּסְט בַּייא דִיא יוּדִין אוֹיךְ פַאר כָּאטִין. גִיוִויס אִיז זִיא אֵיינֶע אוֹיס גִילַאסֶענֶע, נוּא לָאזְט אִיר שְׁטַארְבִּין אוּנְטֶער דִיא הֶענְד פוּן אוּנְזֶערֶע פְרוּמֶען, דֶען זִיא אִיז בֶּעסֶערְס נִיט וֶוערְט. ״אָ לִיבֶּער נַאכְבַּאר״ הָאט זִיךְ דִיא אַלְטֶע קְרִיסְטֶען אָפּ גֶערוּפִין, אִיר אִירְט אַייךְ אִין דִיזֶעם קִינְדֶע. אִיךְ קֶען זִיא, אִיךְ הָאבּ אִיר עֶרְצוֹיגִין אוֹיף מַיינֶע הֶענְד, זִיא אִיז רֵיין וִויא אַיין פְּרִידֶענְס אֵיינְגֶעל אוּנ אִיז אוֹיךְ נִיט גִינַאנְגֶען זֶעהֶען דִיא פְּרָאצֶעסֶע, זִיא אִיז דָא גִינַאנְגֶען אוּם נוּר אַוֶועק צוּ טְרָאגִין אַיין רְפוּאָה פוּן דֶעם רַאבִּינֶער פַאר מַיין זוּן אוּוען מערידיט וָואס דֶער פרינץ ריכאַרד הָאט אִים גִימַאכְט פַאר אַיין פָארְסְט מַייסְטֶער אִיבֶּער דִיא וֶועלְדֶער פוּן טוּזְהִיל, נוּן אִיז עֶר שׁוֹין מֶעהְר אַלְס צְווַייא וָואכִין קְרַאנְק אוֹיף דֶעם פִיבֶּער, אוּנ דִיזֶעם מֵיידְכֶען הָאט אוּנס גִיבֶּעטִין בַּייא דֶעם רַאבִּינֶער אֵיינֶע רְפוּאָה דֶער צוּ, דֶען עֶר וֵוייס עֶס צוּ הֵיילִין זֵייעֶר גִיךְ אוּנ גוּט. נוּן הָאט זִיא צוּם אוּמְגְלִיק צוּרִיק גֵייעֶנְדִיג בַּאגֶעגֶענְט דִיא פְּרָאצֶעסְיֶע, ״דָאס אִיז נוּר אַיין פַאלְשֶׁער תֵּירוּץ״ הָאט זִיךְ אַיין אַנְדֶערֶער אָפּ גִירוּפִין, אוּנ הָאט זִיךְ אַזוֹי אוֹיס גִירִיסִין פוּן דֶעם מֶענְטְשִׁין קְנוֹיל וָואס זַיינֶען דָארְט גִישְׁטַאנֶען אוּנ אִיז אַרוֹיף אוֹיף דִיא טְרֶעפּ אוּנ הָאט אָנְגֶעהֵייבִּין צוּ רֵייסִין דָאס מֵיידְכֶען פוּן דֶער קְרִיסְטִינְס הֶענְד.

״אוּנ דָאס קֶען אִיךְ שׁוֹין נִיט צוּ זֶעהֶען״ הָאט זִיךְ אָפּ גֶערוּפִין דֶער מערדוינט צוּ זַיינֶעם צְווַייטִין פְרַיינְד שאטעאוינרין שְׁטִילֶערְהֵייט, ״אוּנ דָאךְ אִיז מַיין רַאט״ הָאט זִיךְ דֶער שאטעאוינרין אָפּ גֶערוּפִין. דָאס אִיר זָאלְט זִיךְ דָא נִיט אַרֵיין מִישֶׁען אִין דִיזֶער דְרַאקֶע וַוייל אִיר קֶענְט דוּרְךְ דֶעם זֵייעֶר לַייכְט דֶער קֶענְט וֶוערִין וֶוער אִיר זַייט, אוּנ דַאן אִיז אַיין עֶנְדֶע מִיט אַייעֶרֶע פְרַייהַייט אוּנ מִיט אַייעֶר לֶעבִּין, ״אָ לִיבֶּער שאטעאוינרין״ הָאט זִיךְ אָפּ גֶערוּפִין דֶער מערדוינט, דוּא בִּיזְט צוּפִיל בַּאזָארְגְט וֶועגִין מִיר, נֵיין אִיךְ הָאבּ אַיין רִיטֶערְלִיכֶעס הֶערְץ. אוּנ קֶען קֵיין אוּמְרֶעכְט לַיידִין זֶעלְבְּסְט וֶועגִין מַיין גֶרֶעסְטִין פַיינְד אוּנ פְּשִׁיטָא שׁוֹין וֶועגִין אַיין אוּמְשׁוּלְדִיגֶעס קִינְד וִויא דִיזֶעס, אָ אִיךְ שְׁוֶוערֶע דָאס זִיא הָאט נִיט אִיר גְלַייכֶען אוּנְטֶער אַלֶע אֵיינְגְלֶענְדֶעשֶׁע טֶעכְטֶער, זִיא אִיז שֵׁיין וִויא אַיין אֵיינְגֶעל, נֵיין דִיזֶער בַּאנְדִיט (רוֹצֵחַ) מוּז דֶער פַאר לַיידִין.

אוּנ אַלְס עֶר הָאט דָאס אוֹיס גֶעשְׁפְּרָאכִין אִיז עֶר אַרוֹיף צוּ אִים אוֹיף דִיא טְרֶעפּ אוּנ הָאט אִים אָנְגֶעחַאפְּט פוּן הִינְטֶען אוּנ הָאט אִים אַרוּנְטֶער

פְלֶעכְטְרַאךְ פוּן גָאלְד אוּנ זִילְבֶּער , אוּנ פוּן אוּנְטֶער אִים זַיינֶען אַרוֹיס גִיקְוָואלִין שְׁוַוארְצֶע לַאנְגֶע לָאקְקֶען (גְרַייזְלַאךְ). אִין אִירֶע פַיעֶרִיגֶע אוֹיגִין אִיז גִילֶעגִין עֶפֶּעס אַזוֹ וִויא צוּא זָאגִין אֵיינֶע בֶּעפֶעהְלֶענְדֶע קְרַאפְט וָואס וַואר אִין שְׁטַאנְד צוּא גֶעבִּיטֶען זֶעלְבְּסְט אִיבֶּער אַיין גַאנְצִין גִיוָואפֶּענְטִין אַרְמֵייא , דָאךְ נִיט אִיבֶּער אַזֶעלְכֶע בַּאנְדִיטֶען וִויא אִיהְרֶע נָאךְ יָאגֶער וַוארִין דַאן וָואס וַוארִין נוּר הוֹילֶע פַאנַאטִיקֶער ;

אוּנ עֶס וַואר אַלְס דִיזֶע בֵּיידֶע יוּנְגֶע לַייט הָאבִּין אִיר בַּאוואוּנְדֶערְט אוּנ פַאר גֶעטֶערְט וִויא אֵיינֶע הִימֶעלִשֶׁע גִישְׁטַאלְט , זַיינֶען אָן גִילָאפִּין דִיא נָאךְ יָאגֶער צוּא דִיזֶע טְרֶעפּ , אוּנ וָואלְטִין אִיר פַאר גִיווִיס צוּא רִיסְ'ן אוֹיף שְׁטִיקֶער וֶוען עֶס וָואלְט נִיט מִיט אַמִינוּט פְרִיהֶער נִיט אַרוֹיף גִילָאפִּין צוּא אִיר אֵיינֶע אַלְטְלִיכֶע קְרִיסְטְלִיכֶע פְרוֹיא זַייעֶר פַאר שָׁאפֶּעט . אוּנ וָואלְט אִיר נִיט אַרוּם גִינוּמֶען מִיט אִירֶע בֵּיידֶע אָרֶעמְס וִויא אֵיינֶע מוּטֶער אִיהְר פַאר לָאזֶענֶעם קִינְד , אוּנ הָאט אָן גִיהֵייבִּין צוּא גְלַייךְ צוּא שִׁימְפְּפֶען (זִידְלֶען) דִיזֶע מֶענְטְשִׁין וִויא זַייא זַיינֶען וֶוערְט .

נוּן פַאר שְׁטֵייט זִיךְ דָאס מֶען הָאט אִיר נִיט גִישְׁוִויגִין , אוּנ מֶען הָאט אִיר צוּא גִישְׁרִיעֶן פוּן אַלֶע זַייטִין אָ דוּא וַואלִיזִירִין , אָ דוּא מכשפה , מִיר וֶועלִין דִיךְ אַרוּנְטֶער שְׁלֶעפִּין מִיט אִיר צוּא זַאמֶען אוּנ שְׁטֵיינִיגֶען אַייךְ בֵּיידִין בַּייא דִיזֶע טְרֶעפּ , דֶער צוּ הָאט נָאךְ אַגִיזוּנְטֶער קֶערִיל פוּן דִיזֶער בַּאנְדֶע צוּא גֶעשְׁרִיעֶן וִויא פוּן אֵיינֶער אַייזֶערְנֶע לוּנְג . נֵיין מֶען זָאל זַייא בֵּיידִין אַרַיין שְׁלַייֶדערִין אִין דִיא טֶעהְמְזֶע . דֶען וָואס זָאלִין מִיר נָאךְ מְטַמֵא זַיין דִיזֶען הֵיילִיגִין אָרְט מִיט אִיהְר אוּם רֵיינֶעם בְּלוּט «נוּן זָאל מֶען אִיר גָאר אוֹיף הֵיינְגֶען» , הָאט זִיךְ אָפּ גִירוּפִין אַיין צְוֵוייטֶער , אוּנ אַזוֹ הָאט זִיךְ אָפּ גִירוּפִין אַדְרִיטֶער מִיט אֵיינֶעם אַנְדֶערִין שְׁפְּרַאךְ . דָאךְ דִיא אַלְטֶע קְרִיסְטִין הָאט פוּן דִיזֶעם מֵיידְכֶען נִיט אָפּ גִיטְרָאטִין אוּנ הָאט זַיי דַארוֹיף גִיעֶנְטְפֶערְט נוּר מִיט פְרוּמֶע אוּנ גוּטֶע רֵייד «אָ קְרִיסְטֶען» הָאט זִיא זִיךְ צוּא זַייא אָפּ גִירוּפִין , וָוארוּם זָאלְט אִיר גְרַאדֶע גֶעגִין אוּנְזֶערֶע מֶענְשְׁלִיכֶע פְרַיינְדְלִיכֶע רֶעלִיגְיָאן הַאנְדְלֶען (טָאן) וָואס זִיא בַּאפֶעהְלְט אוּנְז זֶעלְבְּסְט אוּנְזֶערֶע פַיינְדֶע גוּטֶעס צוּא טָאן , נוּא ווִילְט אִיר זֶעלְבְּסְט בַּייא אוּנְזֶער הֵיילִיגִין גָאטֶעס דִינְסְט אַייעֶרֶע הֶענְד בַּאפְלֶעקִין מִיט אוּם שׁוּלְדִיגֶע מֶענְטְשִׁין בְּלוּט .

נוּן הָאבִּין צְוַואר דִיזֶע רֵייד זַייעֶר פִיל גֶעווִירְקְט אוֹיף דִיזֶער בַּאנְדֶע (שַׁייקֶע) דֶען זֵיי זַיינֶען גִיוָוארִין שְׁטִיל אוּנ זַיינֶען גִיבְּלִיבִּין שְׁטֵיין בַּאשֶׁעמְט דָאךְ דִיזֶע שְׁטִילְהַייט אוּנ רוּהֶע הָאט נִיט לַאנְג גִידוֹיעֶרְט . דֶען עֶס הָאט זִיךְ בַּאלְד אָפּ גִירוּפִין אַיין אַלְטֶער בִּיר בְּרוֹיעֶר וָואס הָאט דִיזֶע אַלְטֶע

פראצעסיע וועט פאר איבער גיין "ניין מיין ליבער שאטעאוגרין" האט זיך אפ געערופין צו אים דער צווייטער וואס מען האט אים גירופין "מערדיינט" דוא מאכסט דיר אומזיסטע זארגין, איך וויים דאס דיזע פראצעסיע מאכט נור דער ארכע דזאקאן פון קאנטערבורי אום צו האלטין דער ביא איינע דרשה דאס מען זאל צושטיין צו דעם היילינגען ארמייא וואס ציהעט נאך ירושלים אום צו שטרייטין דארט מיט דעם סאלאדין, נון וועלין דא נור זיין ביא דיזער פראצעסיע נור אזעלכע פרידליכע בירגער וואס האבין זיך באהאלטין פאר דעם שרעקליכין סאלאדין ביא זייערע פרויען, דאס הייסט נור צעהאווע, אונ אזעלכע פראסטע לייט האבין קיינע אויגין אום צו דער קענען מיך פאר קליידעטערהייט.

קורץ דער פון זייא האבען אזו צווישין זיך. אלץ אזו גיאמפערט ביז דיא פראצעסיע איז אנגעקומען אונ איז זיך איבער גינאנגען מיט גיזאנג אונ קלאנג, אונ אלס דיא נאס איז געווארין שוין ליידיג, האבין דיא צווייא יונגע לייט אביין געטראטין אין דער גרויסער גאס, אונ זיינען זיך אוועק צו יענער זייט פון וואגען זיא איז גיקומען, קוים זיינען זייא אבער איינגינאנגען צוואנציג טריט האבין זייא דער הערט הינטער זיך איין ווילדעס געשרייא, אונ אלס זייא האבין זיך אום גיקערט צו זעהן וואס איז עס פאר אלארעם, האבין זייא דער זעהן ווי איין גרויסער הויפין מענטשין פון דיא פראצעסיע לייט יאגין זיך נאך איין שיינעס אונ רייך געקליידעט מיידכען וואס לייפט צו דעם זייט גאס וואס זייא ביידע גייען דארט, זייא לייפין איר נאך מיט ראפניקעס אין דיא הענט אונ ווארפין איר נאך זייער פיל שטיינער. אונ זיא לייפט גישווינד ווי איינע ווילדע הירשין לייפט פאר דעם יעגער דאס זייא האבין איר ניט גיקענט אן יאגין, אונ איז אזו געלאפין ביז דיא פארארדנע טרעפ פון ארויסין פאלאץ וואס דארט וואהין שוין דיזע ביידע יונגע לייט. אונ איז מיט איינעם שופ ארויף אויף זייא ביז דיא לעצטע טרעפ, זיא האט גיוואלט אריין דארט אין שטוב, עס וואר אבער דיא טיר פעסט פאר שלאסין, אונ איז דאהער געבליבין דארט שטיין גאנץ צוא שראקין, אונ דאן האבען דיזע צווייא יונגע לייט גיהאט איינע גוטע גילעגענהייט אונ גינוג צייט צוא באטראכטין דיזעס מיידכען מיט שארפע בליקין. פון אונטין ארויף. דען זייא וואריןן דאן גראדע ביא דיא טרעפ, זיא וואר גיקליידעט ווי איינע אויס לענדעשע, אין טייערין צייג, אויף דעם קאפ האט זיא גיטראגין איין טייערין פעס (קאלפאק) אהויבין אונ איינפיצינגען וואס וואר ארום גידרייט מיט טייערע שניר פעריל, מיט

## 1.

# „דיא פראצעשע"

עס וואר אין דעם לעצטין רעגירונגס צייט פון היינריך דעם צווייטין קיניג פון איינגלאנד אין איינעם וואַרעמען אקטאבער טאג פון דעם יאר 1188 זיינען זיך גינאנגען צווייא יונגע לייט איינגלענדער זייער פרידליך אונ רוהיג אין איינער שמאלע געסעלע פון דיא גרויסע שטאט לאנדאן. איינער פון זייא וואר אן גיטאן אין אפאנציר אין אקאסקע, אונ איין געוויקעלט אין איינעם ברייטען מאנטיל וואס וואר אויס גינייט אויף אים איין רויטער וואלענער קרייץ, (שתי וערב) איין געוויסער צייכין דאס ער איז איינער פון דיא קרייצפאהרער, דער אנדערער אבער וואר נור געקליידעט וויא איין רייזענדער, אין אוועריגען מאנטעל אונ אין אטיפין הוט, אונ האבין אזוי צווישין זיך געשפראכין ביז זייא זיינען גיקומען צו דער גרעסטער גאס פון לאנדאן «בעאפזיד» וואס טיילט פון איינאנדער דיזע הויפט שטאט אין צווייא גלייכע טיילען, אונ האבין זיך דארט אפ גישטעלט וועיל זייא האבין דער וויסט דארט אגרויסין עולם וואס איז גישטאנען פון ביידע זייטין גאס, אונ האבין געווארט אויף איינע גרויסע פראצעסיע וואס האט דארט גידארפט באלד דורך ציהען מיט גרויס פאראד.

«נון פאלגט מיך» האט זיך אפ גערופין דער איינער וואס וואר גיצייכינט מיט דעם קרייץ צו דעם אנדערין, פאלגט מיך לאמיר אונז דא אפ שטעלין ביז דיא פראצעסיע וועט דא פאר איבער גיין, דען אין דער גרויסער גאס קען אונז איינער פילייכט דער[illegible]ן דוא ביזט צווא פיל שרעקעדיג» האט זיך דער אנדערער צו אים אפ גערופין, איך וועט מיט דיר דאס דא אונטער דיזעם גרויסין פובליקום וואס וועט דא גיין איז ניט דא איינער וואס וועט אונז ערקענעז, דען עס וועלין דא גיין נור פראסטע בירגער, האנד ווערקער, קויף לייטע אונ ווייטער ניט, ווייל דער גאנצער אדעל איז יעצט דארט אין נארמאנדיע מיט דעם קיניג היינריך אין שטרייט געגין זיין זון ריכארד לעוונהערץ, «אונ דאך קענען זיך אונטער אזו פיל מענטשין מאנכע געפינען וואס וועלין אייך יוא דער קענען» האט זיך יענער אפ גערופין, דאהער איז גלייכער אפ צו ווארטין דא אין געסעלע ביז דיא

— —

פָּאלִיטִיקֶער פְּלֶעגְט מֶען דוּרְךְ זִייא אוֹיס פִירֶען דִיא שְׁוֶוערְסְטֶע נִיזַאנְדְשַׁאפְּטֶין. אוּנ הָאבִּין אַזוֹא דָארְטִין אִיבֶּער גִילֶעבְּט זֵייעֶר פְרִידְלִיךְ אוּנ גְלִיקְלִיךְ זָעלְבְּסְט דֶעם בְּלוּטִיגֶען יָאר תתנ״ז וַוייל דִיא דָארְטִיגֶע קִינִיגֶע וַואַרֶען נִיט פַאנַאטִישׁ, אוּנ זַיינֶען נִיט גִיוֶועזֶען פַאר מִישְׁפָּט דַאן אִין דִיא אוּנְגְלִיקְלִיכֶע קְרַייצְצִיגֶע, אוּנ זַיינֶען זִיךְ אַזוֹ גִיזֶעסִין דָארְטִין בְּשַׁלְוָה גְדוֹלָה בִּיז דֶעם יָאר מזר״ה פוּן אֶלֶף הַשִּׁשִּׁי וָואס דִיא קִינִיגִין איזאבּעלע הָאט זֵייא פוּן דָארְטִין אַרוֹיס גֶעטְרִיבֶּען בִּיז אֵיינֶעם, וָואס דָאס אִיז גִישֶׁעהֶען אִין דִיא צַייטֶען פוּן אַבַּרְבַּאנֶעל ז״ל. אוּנ אִיז נִיצֵייכִינְט אִין אוּנְזֶערֶע דִבְרֵי הַיָמִים אוּנְטֶער דֶעם טִיטוּל ,גֵרוּשׁ סְפָרַד״. נוּן מוּז אִיךְ נָאךְ אַמָאל דֶער מָאנֶען דָאס אוּנְזֶערֶע גֶעשִׁיכְטֶע הֵייבְּט זִיךְ אָן פוּן דֶער צַייט וָואס דֶער ריכארד לעוועןהערץ הָאט גֶעשְׁטְרִיטֶען גֶעגִין זַיינֶעם פָאטֶער היינריך דֶעם צְוַוייטִין דָארְטִין אִין נָארְמַאנְדִיֶע.

אָן אונזער געשיכטע, דען ער וואר איין מאן וואש וואר פרייא פון שנאת הדת ווען עס וואלט ניט איין געוויסער גייסטליכער מהאמאס בעקעט ניט אויפגעהעצט דעם המון עם געגען זייא, וואס דורך דעם איז ארויס גיקומען די גרויסע גזרה וואס איז גיצייכענט אונטער דעם נאמען „דיא יודען פון יארק״.

ניט אזוא איז עס צוא גינאנגען מיט אונזערע ברידער דארטין אין פראנקרייך, דען מיט דעם אפ שטארבין פון לודוויג דעם זיבענטען וואס וואר איין בעשיצער דער יודען, איז אפ געשטארבין אין פראנקרייך דיא אידעשע גדולה אונ זייער מנוחה, דען זיין זון פיליפ אויגוסט וואס האט נאך אים רעגירט דארטין אין גלייכער צייט פון ריכארד לעוונהערץ אין איינגלאנד וואר גראדע דער היפך פון זיינעם פאטער אנטקעגין דיא יודען, אונ האט זייא וויא גיטאן אן שיעור, דאס ער ווערט גיציילט אין אונזערע אידעשע דברי הימים אונטער יענע אלע טיראנען וואס זיינען גישטאנען אויף אידען למשל וויא טיטוס, האדריאן, האקים, אונ נאך זייער גלייכין. אונ שאקלען איבער זייא מיט דיא קעפ וויא איבער איינעם המן.

אין זיינע צייטין איז אויש גיטראכט גיווארין אויף אונז אידען דער שרעקליכער שקר דאש מיר יודען דארפין בלוט אויף פסח, איין בלבול וואס מיר ליידען נאך איצונד פון אים אין כמה וכמה מקומות. איין בלבול וואס אונזערע גרעסטע גילעהרטע קענען ניט דער קלערין וויא אזוי איז מען גיפאלין גאר אויס צו טראכטין אזוא אזאך וואס איז גראדע גאר אהיפך קעגין אונזער דת.

אונ גליקליכער פאר דיא איינגלענדערשע אונ פאר דיא פראנצויזישע אידען ווארען דיא שפאנישע אידען, שפאניען וואר דאן גיטיילט אויף צווייען, איינע העלפט וואר אונטער קריסטליכע קיניגע, דיא אנדערע העלפט וואר אונטער אראבישע קאליפען אדער סולטאנען, אונ אין דיזע ביידע טיילען ווארען דיא יודען בגדולה גדולה, ערשטינס ווארען זייא גרויסע עשירים, צווייטינס ווארען זייא גרויסע מקורבים למלכות. פיל פון זייא ווארען מיניסטארען, גרוים וויזירען, יענעראלען, פעלד מארשאלען, סאנאטארען, צווייטינס ווארען זייא גרויסע לומדים אונ גרויסע חכמים, פילאזאפען, משור[illegible]תים, פראפעסארען, אונ ווארען אזוי גיאכטעט דאס מען פלעגט זייא געבין צו ערציהען דיא בני מלכים. אונ ווארען דער צו גאנץ פרומע יודען, אונ טרייע אונטער טאנען צו דער רעגירונג.

פון דיזער לאנד איז ארויס דער רמב״ם. דער אבן עזרא, דער רמב״ן, דער רבי שמואל הנגיד, אונ נאך זייער פיל גרויסע לייט וואס זייערע נעמען וועלין גלאנצען ביז דיא זון וועט שיינען. אונ בדרך כלל גיזאגט דאש דיא דארטיגע מלכים פלעגען זיך בערימען מיט זייערע יודען אונ ווארען שטאלץ אויף זייא ווייל זייא ווארען עובדי אדמה. קינסטלער. האנדווערקער, דאקטורים, גישעפטס פירער, אונ גרויסע סוחרים, וואס האבין דיא דארטיגע לענדער רייך אונ גליקליך גימאכט, אונ ווייל זייא ווארען אויך גרויסע

פאליטיקער

מיט דעם סאלאדין, דען ער האט זיך באלד נאך דעם פאטערס טויט מתחבר געוועזן צו דעם פיליפ אויגוסט קעניג פון פראנקרייך, אונ האבן מיט זיך געפירט צוויא גרויסע ארמייען פראנצויזין אונ איינגלענדער וואס עס ווארען אונטער זייא פילע פרייוויליגע וואס מען האט עס דאן גערופען קרייצפאהרער. דיזער קרייצצוג וואר דאן שוין דער פינפטער. אונ איז געשעהען אין דעם יאר 1189. אונ דיזער קרייצצוג האט אויך ניט געגליקט. ווייל עס איז געווארען אונטער דיזע צוויא מלכים גרויסע אונאייניקייט, אונ דער סוף וואר דאס דער ריכארד האט זיך פון דארטין אום געקערט אהיים איינער אליין, אונ האט געהאט דער צו נאך דאס אום גליק גיפאנגען צו ווערין אויף דער צוריק רייזען פון דעם קייזער היינריך דעם פערטין וואס וואר זיינער אשונא פון לאנגע דאטין, אונ איז גיזעסין בייא אים איין געשפארט מער אלס איין יאר, אונ האט זיך דארטין נאך דער וואוסט דאס זיין ברודער יאהאן האט אן אים מורד געוועזן, אונ איז לויז געווארין נור דורך איין שווערעס לייז געלד פון איין האלבע מיליאן טאלער, וואס דיא העלפט דער פון האבין געגעבין דיא איינגעלשע יודען וואס ווארין דאן דיא רייכשטע לייט אין גאנץ בריטאניען.

אונ יעצט מיינע טייערע לעזערין, אלס איך האב דיך שוין גענוג בעקאנט גימאכט איין עטוואס מיט דיזעם ריכארד לעוועןהערץ קעניג פון איינגלאנד. אונ מיט דעם פיליפ אויגוסט קעניג פון פראנקרייך, אונ דוא ווייסט שוין פון זייא אזו פיל וויא עס איז דיר נייטיג צו וויסען צו אונזערע ערציילונג, מוז איך דיר אויך שוין איין עטוואס בעקאנט מאכין מיט דאמאהליגען לאגע פון אונזערע ברידער אין דיזע צוויא לענדער, דאס הייסט אין איינגלאנד אונ אין פראנקרייך, אונ דער צו נאך איין עטוואס פון דיא יודען וואס ווארען דאמאלס אין שפאניען.

רוהיג אונ פרידליך זיינען זיך אונזערע ברידער גיזעסין אין איינגלאנד אונטער דיא רעגירונג פון היינריך דעם צווייטען, אונ אזו אויך דארטין אין נארמאנדיע. דאס הייסט אין דיא איינגעלשע גיטער וואס ווארען אין פראנקרייך, אונ האבין גיהערט נור צו דעם היינריך אליין, זייא האבין דאן גיוואונט אין דיא שטעט אליין איבער [illegible] אין לאנדאן, זייא ווארען זייער רייך. אונ האבין גילעבט וויא פירשטען אין טייערע היכלות, אונ ווארען רוהיג זעלבסט אין דיא צייטען פון דעם ערשטין קרייצצוג וואס דאס וואר אין דעם יאר תתנ"ו וואס דיא דייטשע אונ פראנצויזישע יודען זיינען דאן אום גישטאנגען גרויסע צרות, זייא ווארען קיינע גרויסע לומדים קיינע גילעהרטע דאך גרויסע יראים, אונ האבין גיהאט גרויסע רבנים פון פראנקרייך, אזוא וואר דאן ארב אין לאנדאן דער גרויסער רבי יעקב פון ארלעאנס וואס וואר א תלמיד פון דעם רבינו תם, איינער פון דיא גרעסטע בעלי תוספות, אונ דער רבי בנימין פון ראמער, אויך דעם רבינו תם א תלמיד וואר ארב אין קאנטערבורי.

אונ אזוא וואלטען זייא געוויס גילעבט גליקליך אונטער דיא רעגירונג פון זיינעם זון ריכארד לעוועןהערץ וואס אין אנפאנג פון זיינער רעגירונג הייבט זיך

אין

פון איינגלאנד. אונ וואס אנשטאט אים איז דארט געווארין איין קיניג זיין זון פיליפ אויגוסט, איז דאן אן גיקומען די טרויעריגע נאכריכט קיין אראפא, דאס סאלאדין דער סולטאן פון מצרים האט אפגינומען די הייליגע שטאט ירושלים פון די קריסטען וואס האבין איר שוין מעהר אלס הונדערט יאר אוועק גינומען פון די טירקען מיט גרויס בלוט פאר גיסונג, נון וואר דאן גידרשנת איין נייער קרייצצוג, דאס הייסט דאס עס זאלין זיך ווידער וויא פאר איאר הונדערט פאר זאמלען גרויסע ארמייען פון די אראפייעשע פעלקער אום אפ צו געמען צוריק ירושלים פון דעם סאלאדין, מען האט עס גירופין קרייצצוג ווייל דיזע אלע קריסטען האבין זיך פאסוויאשציאיעט (געווידמעט) צו גיין אין דיזעם הייליגין שטרייט האבין אום גינייט אויף זייער ליגקען אקסיל ארויטין קרייץ פון רויטע וואלציינג

אזעלכע קרייצציגע ווארין שוין ביז יענע צייט גישעהען מעהר אלס דרייא מאל, דער ערסטער וואר אין דעם יאר 1096 וואס ער איז ניצייכינט אין אונזערע דברי הימים זייער רויט אונטער דעם נאמען „גזרת תתנ"ו" ווייל די אידעשע קהלות האבין דאן זייער פיל געליטין פון יענע קרייצפאהרער, עס זיינען דער מיט פול כמה וכמה ספרים מיט שרעקליכע ספורים.

אונ אלס עס איז גיפריידיגט גיווארין איצונד פון איינער נייען קרייצצוג האבין זיך דיזע צוויי מלכים דאס הייסט פיליפ אויגוסט אונ היינריך דער צווייטער ביידע פאר איינינט אום צוא ציהען מיט זייערע ארמייען קיין ארץ ישראל אונ אוועק נעמען ירושלים פון סאלאדינס האנד, קוים אבער זיינען דיזע ביידע קיניגען אן גיקומען מיט זייערע חיילות קיין גיזארס וואס דאס איז איינע שטאט אין דער נארמאנדיע, פערצין מייל פון פאריז, האט היינריך באקומען איינע בייזע נאכריכט דאס זיין עלטערער זון ריכארד לעווענהערץ האט אן אים מורד גיוועזן ווייל ער האט גיהערט דאס דער פאטער וויל מאכין פאר איין נאסלעדניק זיין אינגערין ברודער יאהאן, דא האט שוין היינריך גימוזט אויף הערין צוא דיינקען פון דיזעם הייליגען קריג, דען ער האט גימוזט ציהען געגען זיינעם אונ נאטירליכען זון, אונ האט די שטרייט גיגען אים פאר שפילט, אונ האט דיזעם אום גליק ניט גיקענט איבער לעבין, דען ער איז גיווארין באלד זייער קראנק, אונ האט זיך דער צו זייער גיקלעמט אלס ער האט זיך דער וואוסט דאס זיין גיליבטער זון יאהאן אונ זיינע פרויא האבין אויך איין אנטהייל אין דיזער מרידה אונ האט דאהער גיזאגט פאר זיין טויט „וועהע דעם טאג אין וועלכין איך בין גיבאהרען געווארין אונ נאטעם פלוך זאל טרעפין מיינע ביידע זין וואס בלייבין נאך מיך"

אונ עס איז גיווארין נאך אים איין קיניג אין איינגלאנד זיין זון ריכארד לעווענהערץ, אונ אים צו בערוהיגען זיין געוויסין וואס האט אים געפלאגט דאס ער האט זיך פאר זינדיגט געגין דעם פאטער, האט ער ערפילט דעם הייליגען וואונש פון זיינעם פאטער צו ציהען נאך דער ארץ הקדושה אום צו שטרייטען

# פָארְבֶּעְרִיכְט

הספור הזה) דִיזֶע גֶעשִׁיכְטֶע אִיז גִישֶׁעהֶען אִין עֶיינְגְלַאנְד . זִיא הָאט זִיךְ
...ן גִיהֵייבִּין בַּייא דֶער עֶנְדֶע פוּן הֵיינְרִיךְ דֶעם צְוֵוייטִינְס רֶעגִירוּנְג . וָואס הָאט
...ידוֹיעֶרְט פוּן 1154. בִּיז 1189. אוּנ הָאט זִיךְ אַזוֹ אַרַיין גִיצוֹיגִין בִּיז אִין דִיא
...ן פאנְג רֶעגִירוּנְג פוּן זַיינֶעם זוּן רִיכַארְד לֶעוֶוענְהֶערְץ וָואס הָאט רֶעגִירְט בַּאלְד
...אךְ זַיינֶעם פָאטֶער . אוּנ וַוייל דִיזֶע צְוֵוייא גְרוֹיסֶע מֶענֶער קוּמֶען דָא אָפְט זֵייעֶר
...אר אִין דִיזֶער גֶעשִׁיכְטֶע . מוּז אִיךְ דָא שׁוֹין פוּן זֵייא פִיל מֶעהְר רֵיידִין אַלְס פוּן
...יא אַנְדֶערֶע פֶערְזָאנֶען וָואשׁ קוּמֶען דָא פָאר .

הֵיינְרִיךְ דֶער צְוֵוייטֶער קִינִיג פוּן עֶיינְגְלַאנְד וַואר פְרִיעֶר נוּר אַיין הֶערְצָאג
...גְרוֹיס פִירְשְׁט) פוּן נָארְמַאנְדִיָא וָואס דָאס אִיז אַיין פְּרָאוִוינְץ (אָבְּלַאסְט) אִין
...פְרַאנְקְרֵייךְ . אוּנ דֶער נָאךְ אַלְס עֶר הָאט גִינוּמֶען פַאר אַוַוייבּ דִיא לֶעאָנָארַא דִיא
...רוּשָׁה פוּן לוּדְוִויג דֶער זִיבֶּעטִין קִינִיג פוּן פְרַאנְקְרֵייךְ . אִיז עֶר גִיוָוארִין אַמוֹשֵׁל
...וֹיךְ אִיבֶּער אִיהְרֶע עֶרְבְּגִיטֶער וָואס זִיא הָאט אִים אַרַיין גִיבְּרַאכְט . אַזוֹ וְוִיא
...אסְקָאנְיֶע , גוּאִינְיֶע , יִפַּאִיטוּ , וָואס זַיינֶען גְרוֹיסֶע טֵיילִין פוּן דִיא לֶענְדֶער וָואס
...יגִין אִין דָרוֹם פוּן פְרַאנְקְרֵייךְ . אוּנ אִיז גִיוָוארִין דוּרְךְ דֶעם זֵייעֶנְדִיק נוּר אַגְרוֹיסֶער
...רַאנְצוֹיזִישֶׁער פָּאמְיֶעסְצִיק , אָבֶּער פִיל מֶעכְטִיגֶער אוּנ רֵייכֶער אַלְס דֶער
...רַאנְצוֹיזִישֶׁער קִינִיג זֶעלְבְּסְט , אוּנ דָאס הָאט דֶעם לוּדְוִוינֶען זֵייעֶר גִיקְרֵיינְקְט .
...וּנ וַואר מִיט אִים דַארִיבֶּער אִין אַיין אוּנ שָׁלוֹם , בִּיז דֶער הֶענְרִיךְ אִיז גִיוָוארִין
...וּרְךְ אַיְרוּשָׁה קִינִיג פוּן עֶיינְגְלַאנְד , אוּנ דַאן אִיז גִיוָוארִין אַגְרוֹיסֶער שְׁטְרַייט
...ווִישִׁין דִיזֶע בֵּיידֶע מְלָכִים וֶועגִין אֵיינֶע נֵייעֶ עֶרְבְּשַׁאפְט וָואס עֶס אִיז צוּא גִיפַאלִין
...עם הֶענְרִיךְ אִין פְרַאנְקְרֵייךְ . וָואס דֶער סוֹף וַואר דֶער פוּן דָאס דֶער הֶענְרִיךְ
...אט נָאךְ גִיגֶעבִּין דֶעם לוּדְוִויג אִין דִיזֶער זַאכֶע , אוּנ עֶס אִיז בַּייא זֵייא
...יוָוארִין פְרִידֶען .

דִיזֶער הֵיינְרִיךְ וִויא אוֹיךְ עֶר וַואר אַיין גְרוֹיסֶער מַאן מִיט גְרוֹישֶׁע טַאלֶענְטֶע
...הַשְׁלָמָה) אוּנ גְלִיקְלִיךְ אִין זַיינֶע מִלְחָמוֹת , הָאט עֶר דָאךְ פַאר לֶעבְּט זַיינֶע יָארִין
...אִין גְרוֹיס קִימֶער אוּנ אִין גְרוֹיס טְרוֹיעֶר . וַוייל עֶר הָאט קֵיין פְרִידִין גִיהַאט בַּייא
...ךְ אִין שְׁטוּבּ , אוּנ וואוּ דָאס פֶעלְט , פֶעלְט שׁוֹין אַלְץ , דֶען זַיינֶע פְרוֹיא דִיא
...זַיינֶע לֶעאָנָארַא וַואר שְׁטֶענְדִיג מִיט אִים אִין קְרִיג , אוּנ הָאט אוֹיף גִיהֶעצְט
...זֵייעֶרֶע אֵיינֶענֶע קִינְדֶער גֶעגִין אִים , עֶס וַוארִין זֵייעֶרֶע פִיר , עֶס זַיינֶען אָבֶּער
...צְוֵוייא פוּן זֵייא גִישְׁטָארְבִּין הֵיינְרִיךְ אוּנ גָאטְפְרִיד .

אוּנ עֶס וַואר אַלְס עֶס אִיז גִישְׁטָארְבִּין לוּדְוִויג דֶער זִיבֶּעטֶער קִינִיג פוּן
...פְרַאנְקְרֵייךְ וָואס וַואר אִימֶער הָעָר בַּעל מַחְלוֹקֶת פוּן הֵיינְרִיךְ דֶעם צְוֵוייטִין קִינִיג

# מַלְכָּה וְהֲדַסָּה

אַין זֵייעֶר פַיינֶער הִיסְטָארִישֶׁער רָאמַאן

[..]ע וואהרע געשיכטע פון איינע אידעשע מיידכען, וואס וואר דיא
[..]נטער פון דעם מיסטער יאססען וואס וואר גרויס שאצמייסטער בייא
[..]ריך דעם צווייטין קיניג פון איינגלאנד אין דיא צייטין פון גזרת תתנ"ו,
[..]ך איז דא פון אנפאנג איינע הערליכע הקדמה, וואס בעלעבט דיזע
ערציילונג וויא דעם קערפער דיא נשמה:


פערפאסט פאן א. מ. ד.


נאכדרוק פערבאטין


ווילנא

שנת תרמ"ח לפ"ק



МАЛКО ВЕГАДАСА.

Разсказъ А. М. Дика.

Съ Виленскаго изданія 1869 г.

1887.